# די ערשטע מלכים ביי יודען

## יודישע געשיכטע לויט דער תורה

בעארבייט פון די ערשטע תורה־קוועלען: תנ״ך, משנה, גמרא, מדרשים און אנדערע ספרי קדמונים אין דער בעלייכטונג פון די ערשטע מפרשי התורה.


בעארבייט און רעדאגירט דורך

משולם קאמינער


## דאס פערטע באנד

(שאול, איש־בשת און דוד־המלך).


בשנת תרפ״ו יצא לאור בוורשא ע״י „הוצאת החנוך״

בשנת תש״ז יצא לאור בירושלים עיה״ק ת״ו

הוצאה ג׳, ניו־יאָרק, תשי״ז

הוצאת קרן ספערא, ירושלם — קליבלאנד — נויארק

**The Spero Foundation**

*New York • Jerusalem • Cleveland*

# אינהאלט פונ׳ם פערטען באנד

## ערשטער טייל:

א. די מלוכה ביי יודען.
ב. שאול דער ערשטער יודישער מלך.
ג. דער ערשטער זיעג פונ׳ם נייעם קעניג.
ד. די ערשטע רייבונגען צווישען שמואל הנביא מיט שאול׳ן.
ה. דער גרויסער זיעג איבער די פלשתים׳ער.
ו. דער מאראלישער איבערברוך אין שאול׳ס מלוכה.
ז. דוד, דער קומענדער יודישער מלך.
ח. דוד׳ס ערשטער ארויסטריט אין דער יודישער מחנה.
ט. דוד ווערט א איידעם פון קעניג שאול.
י. דער חורבן פון משכן אין נוב.
יא. שאול׳ס פערפאלגונגען געגען דוד׳ן.
יב. די לעצטע חדשים פון שאול׳ס מלוכה:
יג. שאול פערענדיגט זיין לעבען אויפ׳ן מלחמה־פלאץ.
יד. די צייטוויליגע מלוכה ביי שאול׳ס זוהן.
טו. דער סוף פון שאול׳ס קעניג־פאמיליע.

## צווייטע טייל:

א. די קרוין-פייערונג פון דוד המלך.
ב. דער גרויסער יודישער צענטער אין ירושלים.
ג. די גרויסע מלחמות וואס דוד האט געפיהרט.
ד. די מלוכה-פיהרונג ביי דוד׳ן.
ה. שווערע מאמענטען אין דוד׳ס לעבען.
ו. אבשלום׳ס אויפשטאנד געגען דוד׳ן.
ז. די מלחמה צווישען אבשלום׳ס און דוד׳ס ארמעען.
ח. דוד׳ס צוריקקומען אויף זיין מלוכה־טראהן.
ט. די שווערע פאלק׳ס-שטראפן אין דוד׳ס צייטען.
י. די אפיציעלע פראקלאמירונג פון שלמה׳ן אלס טראהן־פאלגער.
יא. דוד המלך און זיין ספר תהלים.

נדפס בהשתדלות
**מוסד קרן ספערא**
**ניו־יארק — ירושלים — קליבלנד**

מטרת הקרן הוא, להו״ל כתבי יד מאורות
גנוזים ולהדפיס מחדש ספרים נחוצים
לתועלת בית ישראל.

## א. דער אנהויב פון א מלוכה ביי יודען.

דער געדאנק פון א יודישער־מלוכה. — ווי עס ווערט פארגעזעהען אין דער תורה. — די אבהענגיגקייט פונ׳ם מלך אינ׳ם תורה־געזעץ. — די פארם פון בעשטימען א מלך. — די ערשטע פאלק׳ס־פיהרונג ביים יודישען פאלק. — דער איבערברוך אין שמואל הנביא׳ס צייטען. — די יודישע מלוכה־פאדערונג און שמואל׳ס פעדרוס. — די נבואה פון גאט בעפעהלט שמואל׳ן צו בעשטימען א יודישען מלך.

דער געדאנק פון שאפען א מלוכה ביי יודען, ווי ביי אנדערע פעלקער, איז פערבונדען מיט די גאר אלטע צייטען און ווערט דערמאנט אויך אין דער תורה (דברים י״ג—י״ד), וואו עס ווערט פארגעזאגט א צייט ווען די יודען וועלען זיין אין ארץ ישראל און וועלען פאדערען צו בעשטימען א מלך אין לאנד; דאביי קומען גלייכצייטיג א רייה פאשריפטען, טיילווייז אזעלכע וואס זענען פערבונדען מיט׳ן בעשטימען א מלך און טיילווייז אזעלכע וואס זענען א ספעציעלע פליכט פאר׳ן מלך זעלבסט. פון די לעצטע איז צו זעהען די אנגעמטליכע לאגע וואס איז פערבונדען מיט׳ן שאפען א מלוכה ביי יודען און איבערגעבען די אונבעגרענעצטע הערשאפט איבער׳ן פאלק אין די הענד פון איין מאן: לבלתי רום לבבו מאחיו ולבלתי סור מן המצוה ימין ושמאל — אט מיט דעם שליסען זיך אין דער תורה, די ספעציעלע פארשריפטען פאר׳ן מלך; ער האט צו היטען די ספעציעלע מלך־פליכטען, בכדי זיין הארץ זאל זיך נישט גרויסען, אויסצואיבען זיין אונבעגרענעצטע מאכט איבער זיינע ברודער־יודען, און די ממשלה זאל ביי איהם נישט ארויס־רופען קיין נייגונג אין א פערקערטער ריכטונג פון דער תורה ומצוה. דער מלך האט זיך געמוזט לאזען שרייבען צוויי ספעציעלע ספר־תורה׳ס, איינע וואס האט זיך געפונען ביי איהם אין פאלאץ און א צווייטע וואס ער האט שטענדיג מיט זיך געפיהרט אין וועג ווי אין שטאדט — קורץ: דער קרוין פון די תורה איז שטענדיג געשטאנען העכער און האט בעגרענעצט די מאכט פון מלך, וועלכער האט אין יעדע הינזיכט זיך געמוזט ריכטען לויט די פארשריפטען אין דער תורה.

דאס בעשטימען א נייעם מלך, האט נור געקענט דורכגעפיהרט

ווערען אויפ'ן בעפעהל און איינשטימונג פונ'ם נביא און די סנהדרין, דער העכסטער יודישער געזעצענגעבערישער ארגן. א מלך וואס ווערט געזאלבט מיט דעם שמן־המשחה (זאלב־אייל) איז זוכה אין דער מלוכה וועלכע געהט איבער בירושה אויך צו זיינע קינדער — דער עלטסטער זוהן נעהמט איבער די מלוכה. (ווען דער מלוכה־קאנדידאט איז מינדער־יעהריג בעת זיין פאטער שטארבט, דארף מען אוועקזעצען א ציטוויליגען רעגירער ביז דער יונגער מלך ווערט אונטער וואקסען און איבערנעהמען די מלוכה). דער וואס נעהמט איבער די מלוכה בירושה, דארף נישט אויפסניי געזאלבט צו ווערען, אויסער ווען עס איז פאהראן א מחלוקת און רייסעניש איבער די מלוכה צווישען צוויי קאנדידאטען, דאן ווערט איינער געזאלבט בכדי פעסטצושטעלען ווער עס בלייבט דער רעגירענדער מלך. ביי געוועהנליכע פאלען אבער, ווערט נור געזאלבט דער ערשטער און נייער מלך, וועלכער האט נישט איבערגענומען די מלוכה בירושה פון זיין פאטער.

א גאנצע רייה פארשריפטען ווידער פערפליכטען די יודען אבצוגעבען א בעזונדערען כבוד דעם מלך און אויספאלגען זיינע בעפעהלען, וואס קיינער טאר נישט ווידערשפעניגען און ווער עס טוהט גרינגשעצען דעם קעניג'ס כבוד און בעפעהלען, ווערט פעררעכענט אלס מורד־בבלכות פאר וועלכען דאס בית־דין קען ארויסגעבען א טויט־אורטייל.

די ערשטע אנפיהרונג איבער'ן יודישען פאלק, זייט משה־רבינו, יהושע בין־נון, און שפעטער די שופטים־תקופה, האבען ווייט נישט געטראגען דעם כאראקטער פון א מלוכה־פיהרונג, האטש אין געוויסע הינזיכטען איז זייער ממשלה אויך געווען א אונבעגרענעצטע. שוין דאס אליין וואס זייער ממשלה איז נישט איבערגעגאנגען בירושה פון פאטער צו זוהן, דאס האט אין א בולט'ער פארם געשילדערט דעם אייגענטליכען מהות פון יודישען פאלק, וועלכע זענען אבהענגיג אויסשליסליך פון גאט'ס ווארט און פיהרונג, אז דער העכסטער פאלק'ס פיהרער איז נישט מעהר ווי דער היטער פון גאט'ס ווארט, עס ריכטיג איבערצוגעבען און אויפקלערען די יודען, דאס וואס גאט דער אלמעכטיגער וועלט־הער פערלאנגט פון זיי אין אלע צייטען, און דאס ווי די יודען דארפען זיך איינלעבען בכדי צו פערנעהמען זייער ריכטיגע אנגעצייכענטע פאזיציע אויף דער וועלט. אין אלגעמיין ווערען די יודען בעצייכענט אלס ממלכת־כהנים, אבער דאס מיינט נישט צו זאגען אז דאס איז געווען א מין כהנים־רעגירונג, אז די כהנים האבען געהאט א וועלכע עס איז ממשלה איבער'ן פאלק; ניין! די כהנים האבען העכסטענס פערטראטען דאס אויפברענגען קרבנות אין בית־המקדש, און א חוץ דעם איז דאס גאנצע פאלק געווען

גלייכגעשטעלט אין זייערע רעכט, אלע זענען געשטאנען פאר'ן משפט און אורטייל פון די תורה וואס עס איז אין א גלייכער ווייזע אנגעווענדעט געווארען צו יעדען איינציגען גליעד פון פאלק.

אין די צייטען פון שמואל הנביא'ס שופטים־אמט (אין יאהר 2882) איז געקומען דער איבערברוך אין דער העכסטער יודישער פאלק'ס־פיהרונג. נאכדעם ווי די יודען האבען זיך פערזאמעלט פאר שמואל'ן און ארויסגעשיקט א קאטעגארישען פערלאנג, צו בעשטימען א מלך פאר'ן יודישען פאלק. דאס איז געווען אין די צייטען ווען שמואל הנביא איז שוין געווען אויף די עלטער, און ער האט מעהר נישט געקענט מאכען זיינע טורנען (אומרייזעס) איבער די יודישע שטעדט, און אכטונג געבען אויפ'ן גאנג פון יודישען פאלק'ס־לעבען; זיינע זיהן, יואל או אביה, וועמען שמואל בעשטימט אלס געהילפ'ס־שופטים, האבען וויט נישט ארויסגערופען צו זיך די פאלק'ס סימפאטיע ווי זייער פאטער, און די יודישע פארשטעהער קומען קיין רמה, דער זיץ־פלאץ פון שמואל הנביא, דארט האבען זיי איהם ארויסגעשטעלט די פאדערונג, צו בעשטימען א מלך ביי יודען, וועלכער זאל פיהרען די מלוכה אין דעם פארם ווי ביי אלע אנדערע פעלקער. אין דעם דאזיגער פאדערונג האבען זיך ארויסגעשטעלט צוויי מיינונגען: די עלרטערע לייט האבען פארמירט די פאדערונג, אז זיי פערלאנגען א מלך וואס זאל פיהרען די יודען און זיי משפט'ן, דאס האט געקענט הייסען אז דער מלך האט נור צו זאגען אין די ראבען פון די תורה פארשריפטען. אנדערע אבער, האבען אוועקגעשטעלט די פראגע, איינפאכער, אז דער יודישער מלך זאל בעשטימט ווערען אויף דער זעלבער ארט און ווייזע ווי ביי אנדערע פעלקער, וואס עס קאן אויך בעדייטען אז דער מלך האט די מאכט ארויסצוגעבען אייגענע געזעצען און פארשריפטען לויט זיין איינזעהען, און ער איז מיט קיין זאך נישט געבונדען.

שמואל'ן האט די דאזיגע פאדערונג צו בעשטימען א מלך, שרעקליך געטראפען. זעהענדיג דעם כסדר'דיגען גאנג פון דער יודישער געשיכטע, ווי אלע געשעהענישען מיט'ן יודישען פאלק טראגען א איבערנאטירליכען כאראקטער, אויסשליסליך פערבונדען מיט נסים, א חוץ ווען די יודען האבען זיך אוועקגעבויגען פון צו פיהרען א לעבען לויט דער תורה און זיי פערדינען נישט צו קיין נסים — האבען דאך די יודען אויך בעדארפט איינזעהען אז דאס בעשטימען א מלך איז פאר זיי אינגאנצען איבעריג, ווייל גאט דער וועלט־הער איז זייער פיהרער און בעשיצער, און דאמיט וואס זיי ווילען זיך שאפען א מלך, הייסט עס אז זיי פערקלענערען די אמונה אין גאט. די צווייטע פאדערונג ווידער, צו בעשטיבען א מלך

אין דער זעלבער פארם ווי ביי אנדערע פעלקער, דאס האט נאכמעהר ארויסגערופען ביי שמואל הנביא א פעדרוס, זעהענדיג די קאנסעקווענצען דערפון, וואס געוויסע מלכים וועלען זיך ערלויבען אוועקצופיהרען די יודען פון דער לעבענ׳ס־פיהרונג וואס איז אנגעצייכענט אין דער תורה.

און שמואל הנביא האט זיך גווענדעט מיט א תפילה צו גאט, פאר וועמען ער האט אויסגעגאסען זיין ביטער הארץ. און עס קומט די נבואה פון גאט צו שמואל׳ן און זאגט איהם: ערפיהל דעם פערלנג פון פאלק צו בעשטימען פאר זיי א מלך, דען קוים האבען זיי אבגעווארפען פון זיך זייער אויסנאהמס־לאגע אז זיי זאלען זיין אבהענגיג אפענבאר פון גאט׳ס־האנד, און זיי זאלען קענען עקזיסטירען אלס זעלבסשטענדיג פאלק אויך אחן די הנהגה פון א מלך, האבען זי דערמיט שוין פערווארפען אויך זייערע זכותים, צו קענען ווירקליך אזוי עקזיסטירען און עס זאל פאר זיי שטענדיג געשעהען אפענבארע נסים; זיי מוזען אלזא פון יעצט אן האבען א מלך וואס זאל שטעהען אין שפיץ פון דער פאלק׳ס־פיהרונג און פון זייערע אנגעלעגענהייטען. איינס אבער, מוזט דו זיי זאגען און ערקלערען, אלע פארשריפטען און פליכטען וואס דער מלך האט פאר׳ן פאלק, און דאס פאלק פאר׳ן מלך, און ווען זיי זענען איינפערשטאנדען, זיך צו אט דעם אלעמען צו־צופאסען, זאלסטו זייער פערלאנג ערפילען און בעשטימען א יודישען מלך.

## ב. שאול דער ערשטער יודישער מלך.

שאול׳ס אויסגעצייכענטע מעלות און זיין פאמיליען־אבשטאמונג. — ווי די השגחה האט צוזאמענגעפיהרט שאול׳ן מיט שמואל הנביא. — דאס זאלבען שאול׳ן פאר א מלך און זיין נבואה־גייסט. — וואס שמואל האט פארגעזאגט שאול׳ן. — די גרויסע פאלק׳ס־פערזאמלונג אין מצפה און דאס עפענטליכע־פראקלאמירען שאול׳ן אלס קניג. — די מיילוויזע אונצופרידענהייט ביים המון. — שאול׳ס אבווארטענדע שטעלונג.

אלם דעם פאסענדען קאנדידאט, צו פערנעהמען דער ערשטער דעם אמט פון א מלך ביי יודען, האט די נבואה פון גאט אנגעוויזען שמואל׳ן אז ער שטאמט פון דעם קנאפסטען שבט צווישען די יודען, פון שבט בנימין, וועלכער איז זייט דער שבטים־מלחמה ביי פלגש בגבעה (זעה באנד 3) שיעור נישט אינגאנצען אומגעקומען און פון יענער צייט אן האט דער שבט בנימין זיך גערעכענט פאר׳ן קלענסטען שבט. דער קאנדידאט אליין, שאול, איז גיוועזן א גרויסער עניו און האט זיך

געהאלטען נידעריגער פאר אלע זיינע שבט־לייט. דאס איז אויך געווען א אייגענטליכע מעלה פאר א יודישען מלך, וועמען די תורה בעפעהלט אזוי פיעל מאל, ער זאל זיך נישט גרויסען איבער זיינע פאלק׳ס־ברידער און ער זאל נישט פערפיהרט ווערען אין זיין אונבעגרענעצטער מאכט. זאל ער אלזא, דער מלך זיך פריהער האבען אויסגעצייכענט מיט דער זעלטענער מידה פון ענווה, וואס עס וועט אויף איהם שפעטער ווירקען, איהם צוריקצוהאלטען פון א נארישען שטאלץ און מאכט־זוכעריי. מיט זיין פערזענליכקייט אבער, האט זיך שאול אויסגעצייכענט פון אלע זיינע איבעריגע פאלק׳ס־ברידער. א חוץ זיין צדקות, פרומקייט אין גוט־הארציקייט, 1) האט ער אויך מיט זיין אויסערליכען אויסזעהן אין זיך פערקערפערט דעם העכסטען מאן צווישען יודען: דער העכסטער אין וואוקס און דער שעהנסטער אין אויסזעהן איז שאול געווען, אזוי קיין מענש האט זיך מיט איהם נישט געקענט פערמעסטען. און, ביי זיין גאנצער פיזישער קראפטיגקייט און אויסנאהמ׳ס־לאגע האט ער געפיהרט א זעהער בעשיידען און צריקגעהאלטען לעבען, אויך א אויסנאהם פון אלע מענשען.

שאול האט אויך געשטאמט פון א אנגעזעהענער משפחה. זיין פאטער קיש, איז געווען א זעהער רייכער מאן, שאול׳ס זיידע אביאל איז געווען א הויפט־מאן פון דער מיטרי־פאמיליע, וואס האט בעוואוינט דעם גבעון קאנט. פון הימעל האט מען עס אין יענע צייט אויך געפיהרט, אז שאול זאל אנקומען צו שמואל הנביא קיין רמה, דארט זאל איהם שמואל זעהען און זאלבען פאר א מלך. די געשיכטע דערפון איז גיווען אזוי:

עס זענען אוועקגעקומען א גרופע מויל־אייזלען פון די סטאדעס וואס האבען געהע־ט צו קיש׳ן, און שאול געהט אין שליחות פון זיין פאטער אייפזיכען די פערלוירענע אייזלען. שאול איז אזוי געגאנגען אין דער בעגלייטונג פון איינעם פון זיינע פאטער׳ס דינער, איבער די וועגען פון די אפרים־בערג, אין שלישה־קאנט, אין ימיני־קאנט, איבעראל פרעגען זיי זיך נאך איבער די פערלוירענע אייזלען און זיי געפונען נישט קיין שפור. זיי זענען אויך געקומען ביזן צוף־קאנט, דארט זאגט שאול צו זיין בעגלייטער, אז מען וואלט שוין געדארפט צוריק אהיים געהן,

1) שאול פלעגט געבען בעסער זיין אייגען-געלד אום אייגצובערענגען א יוד זאל קיין פערלוסט נישט האבען. דער כבוד פון זיינ׳ס א דינער איז ביי איהם גלייך ווי זיין אייגענער כבוד. ער פלעגט ניר גנוסען פון דעם וואס איז פערפערטיגט געווארען אויפ׳ן שטרענגסטען רייגליכסטען אופן — ווי קרבנות (במדבר רבה י״א).

דען זיין פאטער קיש וועט זיך יעצט מעהר בעאומרוהיגען איבער זייער גורל, נישט וויסענדיג וואו זיי זענען פערפאלען געווארען אויף אזא לאנגע צייט, ווי איבער׳ן גורל פון די פערלוירענע אייזלען. דערויף ענטפערט שאול׳ס בעגלייטער, אז מען וואלט דארפען אראבגעהן צום נביא וואס געפונט זיך אין נאהנטען רמה (שמואל), פיליכט וועט ער אונז אויפקלערען דעם צוועק צו וועלכען מיר זענען אהער געקומען. דען אזוי איז עס געווען אין יענער צייט, אז דער נביא האט פארגעזאגט נישט בלויז אין אזעלכע זאכען וואס זענען נוגע דעם גאנצען כלל, נור אויך אין זאכען וואס זענען נוגע יעדען איינציגען מענש, און דעריבער פלעגען קומען מאסען מענשען צום נביא, וועמען מען האט אין יענע צייטען גערופען אויך רואה (זעהער), ווייל ער האט געזעהען און אויפגעקלערט די פערבארגענע זאכען פון מענשען.

אין דער זעלבער צייט, ווען שאול מיט זיין דינער האבען זיך בעטראכט צו געהן צום נביא, האט א נבואה צו־וויסען געטוהן שמואל׳ן, אז מיט א טאג שפעטער וועט צו איהם קומען דער פאסענדער קאנדידאט, וואס דארף געזאלבט ווערען אלס דער ערשטער יודישער מלך, וועלכער איז אויך דער בעשטימטער מאן צו בעווייזען גרויסע נצחונת איבער די פלישתים׳ער וועלכע טוהן אזוי שטארק אונטערדרוקען די יודען. שמואל אלזא איז ארויס אקעגען שאול׳ן וועלכער איז אנגעקומען אין שטאדט און בעגעגענט שמואל׳ן וועמען ער פרעגט: וואו וואוינט דא דער נביא? צו מיר פרעגט איהר אייך — זאגט שמואל — און ער האט שאול׳ן איינגעלאדען צו זיך, איהם אוועקגעזעצט ביי דער סעודה וואס איז לכבוד איהם געמאכט געווארען, אויבענאן פון אלע אנוועזענדע און ארויסגעוויזען צו איהם גרויס אכטונג און כבוד.

א גאנצען מעת לעת האט שאול פערברענגט ביי שמואל הנביא וועלכער האט פאר שאול׳ן אויפגעקלערט א רייה געהיימניספולע שטעלען (סודות) אין דער תורה אין געטליכע ענינים. אויפ׳ן צווייטען טאג האט שמואל בעגלייט שאול׳ן אויף זיין וועג א היים צום פאטער. ווען זיי זענען שוין געווען אונטערען שטאדט, האט שמואל געזאגט שאול׳ן ער זאל הייסען דעם בעגלייטער זיך אבריקען און איבערלאזען זיי אליין, ווייל ער דארף איהם שאול׳ן איבערצוגעבען א נבואה פון גאט.

אינ׳ם זעלבען מאמענט האט שמואל גענומען דעם פך השמן (קריג בוימאייל) און געזאלבט שאול׳ן פאר א הער און מלך פונ׳ם יודישען פאלק 1).

---

1) דער אופן ווי שמואל האט געזאלבט שאול׳ן, איז נישט געווען דער זעלבער ווי ער האט שפעטער געזאלבט דוד המלך. דאביי האט זיך אויסגעדריקט דער פרינציפעלער אונטערשייד, וואס דוד׳ן האט ער געזאלבט אז די מלוכה זאל ביי איהם בלייבען אויף

דאביי האט ער אויך שאול'ן בעאיינפלוסט מיט א העכערען נבואה־גייסט, און ער האט איהם אויך איבערגעגעבען א רייה סימנים און אנווייזונגען, וואס ער האט צו טוהן ביי די געשעהענישען וואס וועלען איהם טרעפען אין לעבען:

דריי פערשיעדענע גרופען וועלען עס זיין, וואס שאול וועט מיט זיי האבען צו טוהן ביים אריינטרעטען אין דער פאלק'ס און מלוכה־פיהרונג — אזוי האט איהם שמואל אנגעוויזען: א) די ערשטע וועט ער זיך אנשטויסען אין די המון־מענשען וועלכע זענען איינגעטוהן הויפּטזעכליך אינ'ם זוכען זייערע עגאאיסטישע ערדישע פערלאנגען, און זיי האבען ווייניג פערשטאנד פאר העכערע גייסטיגע ענינים; די דאזיגע מענשען, אדער זיי זענען פערטוהן אין עסען און טרונקען און זוכען אלערליי פערגעניגענס, אדער זיי זענען פערטוהן אין זוכען עשירות און רייכטוכער. זיי — ווען זיי וועלען דיך בעגעגענען, וועלען זיי אין דיר נישט בעמערקען קיין שום ענדערונג און זיי וועלען אויך נישט בעמערקען אז דו ביזט א העכערער מענש און אז דורך דיר שטעהט פאר צו ברענגען א הילף פאר'ן יודישען פאלק. מעגליך גאר אז א טייל וועלען דיך נאך אויפנעהמען מיט פעראכטונג, אבער זאלסט זיך נישט אבשרעקען. ב) א צווייטע גרופע וועט דיך שוין בעסער אויפנעהמען, זיי זענען עטוואס העכערע מענשען, זיי וועלען דיר פרובירען צו געבען מתנות און דו זאלבט פון זיי נעהמען, ווייל זיי וועלען דיך שטיצען און דיר געבען דיין אויס־האלטונג. ג) א דריטע גרופע וועט דיך בעגעגענען ווען דו וועסט אנ־קומען אויפ'ן ארט וואו עס געפונט זיך דער ארון־האלוהים, דארט וועסטו אנטרעפען אויף אגרופע נביאים וואס שטעהען שוין אויף אגאר הויכער מדריגה, זיי וועלען דיר בעמערקען און אריינגעהמען אין זייער חברותא, און דארט וועט אויך אויף דיר רוהען א העכערער גייסט פון רוח־הקודש, און נאכהער וועט צו דיר קומען אויך א גייסט פון נבואה. ווען אט די אלע זאכען, וועלען דיך בעגעגענען — פערענדיגט שמואל זיינע ווערטער צו שאול'ן, דאן קאנסטו זיין זיכער אז גאט איז מיט דיר און ער וועט דיך בעגלייטען און בעגליקען אין דיינע טאהטען.

ווי נור שאול איז אוועק פון שמואל'ן, האט ער באלד בעמערקט ווי ער איז א אנדער - מענש געווארען, און נאכהער האבען זיך איהם ארויסגעוויזען און בעגעגענט אלץ, פונקט און גענוי, ווי שמואל האט איהם פארגעזאגט, וואס עס האט ארויסגערופען א גרויס וואונדער

---

שטענדיק, ביי איהם און ביי זיינע קינדער און ביי שאול'ן, איז די מלוכה געווען נור ביי איהם אליין. דערפאר טאקי האט שמואל געזאלבט שאול'ן אין געהיים בכדי מען זאל עס ביי איהם נישט בעמערקען — ווייל די יודען האבען געוואוסט אט דעם סימן.

צווישען זיינע פריהעריגע בעקאנטע, ווען זיי זעהען אז שאול האט דערגרייכט צו א מדריגה פון נביאים. שאול'ס פריינד האבען געזוכט צו דערוויסען זיך וואס מיט שאול'ן איז אויפ'ן וועג געשעהן, און ווען זיי הערען פון זיין אינטימען בעזוך ביי שמואל הנביא, האבען זיי זיך בעמיהט צו דערוויסען וואס שמואל הנביא האט איהם געזאגט. שאול אבער, איז געווען אזא עניו אז ער האט נישט דערצעהלט איין ווארט וואס שמואל האט מיט איהם גערעדט וועגען דער מלוכה און וועגען די איבעריגע העכערע ענינים.

נאכדעם ווי שמואל האט שאול'ן בעגלייט און אוועקגעשיקט, האט ער צוזאמענגערופען א גרויסע פאלק'ס פערזאמלונג קיין מצפה, דארט זאלען זיך צוזאמענקומען די פאלק'ס־פארשטעהער, און מען וועט אויס־רופען פאר א מלך, דעם, אויף וועמען עס וועט זיין די איינשטימיקייט פון גאט'ס רצון.

און שמואל האט געווארפען גורל צווישען די שבטים, פון וועלכען שבט מען זאל אויפזוכען דעם פאסענדען קאנדידאט פאר א מלך? און דער גורל איז געפאלען אויפ'ן שבט בנימין. נאכדעם האט מען געוואר־פען גורל צווישען די בעזונדערע הויפט־פאמיליעס פון בנימין, פון וועלכער פאמיליע מען זאל דעם קאנדידאט אויפזוכען? און דער גורל איז געפאלען אוף דער מיטרי־פאמיליע, צו וועלכער עס האט געהערט אויך שאול. נאכהער האט מען געווארפען גורל צווישען די איינציגע פאסענדע מענשען פון דער פאמיליע און דער גורל איז געפאלען אויף שאול'ן. האט מען שאול'ן נישט געזעהען אויף דער פערזאמלונג, און א נבואה פון גאט זאגט, אז שאול בעהאלט זיך און מען זאל איהם אויפזוכען. שאול האלט אבער אין איין זאגען אז ער פיהלט זיך נישט אלס פאסענד איבערצונעהמען דעם מלוכה־אמט, און מען זאל נאכאמאל אנפרעגען אין אורים־ותומים. ערשט דאן ווען עס איז שוין געקומען די ענטגילטיגע תשובה, און שמואל זאגט אז שאול וועט זיך מעהר נישט ארויסדרעהען פונ'ם איבערנעהמען די מלוכה, איז ער ארויסגעקומען אויפ'ן פלאץ וואו עס איז פארגעקומען די גרויסע פעלק'ס־פארזאמלונג, און דארט האט זיך א־ויסגעשטעלט אז ער איז דער העכסטער מענש פון אלעמען, און ציהט יעדענס אויפמערקזאם און סימפאטיע צו זיך.

— האט איהר געזעהען דעם מאן וועמען גאט האט בעשטימט צו שטעהען אין שפיץ פון פאלק? — איז געווען שמואל'ס עפענטליכע וועגדונג צו אלע פערזאמעלטע — זעהט אז ער האט נישט זיינס גלייכען! און די פערזאמעלטע האבען אבגעענטפערט מיט א אויסגעשריי: יחי המלך!

נאכדעם האט שמואל פארגעטראגען פאר די פערזאמעלטע אלע תורה־פארשריפטען וואס האבען א שייכות מיט דער מלוכה, און ער האט עס פאר אייביגט מיט'ן ארויפברענגען אויף א שריפט, דעם גאנצען מלוכה־אקט, און ער האט דעם שריפט בעהאלטען אויפ'ן ארט וואו עס זענען געווען בעהאלטען די געטליכע הייליגקייטען.

די דאזיגע, אזוי צוזאגען, מלוכה־קארינאציע, האט אבער בלויז צופרידענגעשטעלט די אנגעזעהענסטע לייט אין יודענטום, וועלכע האבען איינגעזעהן אז שאול איז עס דער בעשטימטער מאן פון גאט איבערצונעהמען די מלוכה. צווישען המון אבער האבען זיך געפונען מענשען וועלכע האבען געהאט א אנדערען קאנאפערען בעגריף וועגען א מלך, און זיי האבען זיך נישט בעצווינגען מיט דער געהעריגער אכטונג צו שאול'ן אויך נאך דער עפענטליכער פראקלאמירונג וואס האט אויסגערופען שאול'ן פאר א מלך. און זיי זענען נישט געבליען בלויז פאסיוו אין זייער בעציהונג צו שאול'ן, נור אויך אקטיוו, האבען זיי ארויסגעוויזען זייער אונצופרידענהייט מיט שאול'ן אלס מלך און זיי האבען איהם מבזה געווען, און אגיטירט געגען איהם, אז ער איז נישט אומשטאנד איבערצונעהמען די מלוכה־פיהרונג און ארויספיהרען די לאגע אויף א ריכטיגען וועג, שוין נישט רעדענדיג אז זיי האבען איהם נישט געלאזט אבגעבען קיין שום כבוד וואס קומט א מלך. שאול האט אבער בעשלאסען, נישט אויסצונוצען קיין שום געוואלד־מיטלען, און דעריבער האט ער זיך אויך נישט געאיילט איבערצונעהמען די מלוכה, איידער עס וועט זיך אונטעררוקען א מאמענט וואס וועט ארויסרופען צו איהם די סימפאטיע פון גאנצען פאלק. ער איז געווען זיכער, אז קוים איז עס גאט'ס רצון, דאס ער זאל איבערנעהמען די מלוכה, וועט אזא מאמענט שנעל קימען. פארלויפיג אבער, איז זיך שאול רוהיג אוועק אין זיין פריהערדיגען וואיון־ארט גבעת, וואו עס האבען זיך ארום איהם פערזאמעלט בלויז זיינע געצעהלטע אנהענגער.

## ג. דער ערשטער זיעג פון נייעם קעניג.

די עמונ'ער קומען אויף א מלחמה. — זייער שענדליכע פאדערונג צו יודען. — שאול'ס מאניפעסט צום פאלק. — דער גרויסער נצחון. — די בעגייסטערונג פון פאלק און דעם קעניג'ס העלדענמוט. — די פאלק'ס־פערזאמלונג אין גלגל און דאס בענייען די מלוכה. — שמואל'ס שארפע ווענדונג צום פאלק. — זייער חרטה־געפיהל און דעם נביא'ס טרייסט־ווערטער.

נישט לאנג האט בעדארפט ווארטען, דער נייער קעניג שאול, אויף דעם מאמענט וואס מען האט איהם פון הימעל אונטערגעשיקט,

צו דערוויזען פאר אלעמען אז דאס גאנצע פאלק דארף זיך פעראייניגען אונטער דער פיהרונג פון קעניג, וועמען מען שיקט פון הימעל אויך הצלחה און גליק אין זיינע ווירקונגען, און אז ער איז בכח ארויסצוהעלפען די יודען פון זייער שווערער לאגע. דאס איז געווען א מאמענט וואס האט אויך געהאט א דירעקטע שייכות מיט'ן אויסרופען א מלך ביי יודען. די עמונים אונטער דער אנפיהרונג פון זייער הויפט־מאן נחש, האבען זיך פערנומען אויף א מלחמה געגען יודען, וועלענדיג דאמיט אבשוואכען זייער מוט און קראפט וואס קען זיך פערשטארקען נאכ'ן שאפען א פאראייניגטע יודישע מלוכה אונטער דער צענטראלער אנפיהרונג פון א מלך. דעם ערשטען פונקט פאר זייער מלחמה־ערקלערונג, האבען זיי בעשטימט אויפ'ן ארט פון יבש־גלעד וואס איז געווען בעוואוינט מיט דער בעפעלקערונג פון שבט בנימין, די נאהנטסטע פערוואנדטע מיט'ן נייעם קעניג שאול, און אזוי ארום האבען זיי גערעכענט צו פראוואצירען דעם קעניג, ער זאל זיך לאזען אין א מלחמה בכדי צו ראטעווען זיינע נאהענטסטע שבט־לייט.

די בעפעלקערונג פון יבש־גלעד האט נישט געזעהען קיין שום מעגליכקייט עפעס אויסצושפילען אין א מלחמה, און זיי האבען זיך געבעטען שלום ביי די עמונ'ער. די לעצטע אבער, האבען געשטעלט אט אזא שווערען בעדינג: אויב די יודישע בעפעלקערונג פון יענעם געגענד, וועט זיין איינשטימיג, אז יעדער זאל זיך לאזען שטעכען דאס רעכטע אויג, וואס עס וועט ארויסרופען א שאנד־פלעק, אויף אלע יודען, דאס זיי האבען נישט געקענט העלפען, זייערע נאהנטע ברידער — נור אויף אזא אופן זענען די עמונ'ער בערייט צו שליסען שלום מיט די יודען און זיי לאזען לעבען במנוחה.

די יודישע בעפעלקערונג האט זיך געפונען אין א זעהער שווערע פערלעגענהייט, און זיי האבען זיך אבגעבעטען א צייט פון זיבען טעג, זיי זאלען פריהער ארומשיקען שלוחים איבער'ן גאנצען לאנד און אינפארמירען די יודען פאר וואס'ער פרייז די עמונ'ער פאדערען א שלום מיט די יודען. די עמונ'ער זענען דערויף גערן איינגעגאנגען, ווייל זיי האבן בעיקר געזוכט ארויסצורופען א מלחמה מיט אלע יודען.

די שלוחים פון יבש־גלעד זענען צום ערשט אנגעקומען אין גבעת־שאול, דאס וואוין־ארט פונ'ם נייעם קעניג, דארט האבען זיי אויכדערצעהלט זייער לאנגע פאר'ן גאנצען פערזאמעלטען עולם, וואס עס האט ארויסגערופען א שטארק געוויין. דערווייל איז אנגעקומען דער קעניג שאול, וועלכער האט זיך פריהער געפונען ווייט פון דער שטאדט, און ער דערוויסט זיך וועגען דער לאגע וואס ווערט אזוי שטארק בעקלאגט

פון זיינע ברידער־יודען. שאול איז געווארען בעגייסטערט פון דער געטליכקייט וואס האט איהם בעהערשט, און ער בעשליסט נקמה צו נעהמען ביי די עמונ׳ער. ער האט גענומען א פאר אקסען, זיי צושניטען און די שטיקער ארומגעשיקט איבער׳ן גאנצען לאנד, אין אלע קאנטען צו דער יודישער בעפעלקערונג מיט א שט־ענגען קעניגליכען־בעפעהל, אז ווער עס וועט זיך נישט שטעלען אויפ׳ן מלחמה־פלאץ, אויפ׳ן בעפעהל פון שאול׳ן און שמואל הנביא, דעם וועט מען אזוי טהון, ווי די צושניטענע רינדער. און עס איז אנגעפאלען א ציטער פון גאט אויפ׳ן פאלק, וועלכע האבען זיך צוגעשטעלט ווי איין מיין, פון וועלכער שאול האט געלאזט אבצעהלען 300,000 מאן, און נאך 30,000 מאן פון די יהודה־לייט.

און די שלוחים פון יבש־גלעד, האט שאול געגעבען אזא בעפעהל: צו זייערע ברידער־יודען זאלען זיי אנזאגען די בשורה, אז אויף צומארגענס דארפען זיי ערווארטען א הילף, און צו די עמונ׳ער זאלען זיי אויך זאגען, אז צומארגענס וועלען זיי זיך שטעלען אויפ׳ן פלאץ, און זעהען וואס זיי האבען צו ענטפערען אויפ׳ן פא־שלאג פון די עמונ׳ער.

צו דער בעשטימטער צייט האט געריהרט שאול׳ס מחנה אויפ׳ן מלחמה פלאץ, אונטער דער אנפיהרונג פון דריי הויפט־לייט, און נאך האלבער נאכט האבען זיי אנגעגריפען די פיינדליכע מחנה, וועבען זיי האבען געשלאגען ביז א שטיק אויפ׳ן טאג, אזוי אז די איבערגעבליבענע זענען זיך צולאפען און עס זענען נישט געבליבען קיין צוויי מאן אויף איין ארט.

מיט דעם גלענצענדען נצחון, וואס שאול האט אבגעהאלטען איבער דעם פיינד, האט ער זיך פערשאפט די ליעבע און אכטונג פון גאנצען פאלק אהן אונטערשיעד, וועלכע זענען בעגייסטערט פון זייער קעניג און זוכען איהם ארויסצווייזען זייער אונטערטאנשאפט. און זייער ערשטער טהאט איז געווען, די ווענדונג צו שמואל הנביא, אז מען זאל אויפזוכען די אלע וואס האבען זיך אין דער ערשטער צייט בעצויגען צום קעניג מיט גרינגשעצונג, זאל מען אויף זיי ארויסגעבען א טויט־אורטייל. שאול אליין אבער, ער האט אבגעהאלטען דעם פאלק פון אזא שריט, און האט זיי ערקלערט, אז היינט ערשט האט גאט בעוויזען א הילף דורכ׳ן נייעם קעניג, און פון היינט אן קען מען יעדען ווידער־שפעניגען פעראורטיילען אלס מורד במלכות. ביז יעצט אבער, ווען א געוויסער טייל פאלק האט איהם אין הארצען נישט אנערקענט פאר א קעניג, וויל ער די פריהערדיגע ווידעשפעניגע נישט לאזען פעראורטיילען

אלם פעררעטער. דא האט דער נייער קעניג געהאט די געלעגענהייט ארויסצוווייזען זיין העלדענמוט, אז פונקט ווי ער איז שטרענג צו פערניכטען די שונאים פון זיין פאלק, אזוי איז ער אויך ליבענסווירדיג צו שענקען דאס לעבען פון זיינע פערזענליכע שונאים.

דעם דאזיגען גינסטיגען מאמענט האט אויסגענוצט שמואל הנביא וועלכער רופט א פאלק׳ס־פערזאמלונג קיין גלגל און דארט צו בענייען דעם אויסוואהל פון שאול׳ן אלס מלך. ביי דער דאזיגער געלעגענהייט האט שמואל געהאלטען זיין שארפע ווענדונג צום פאלק בעת וועלכען ער האט זיי איבערגע׳חזר׳ט די געשיכטע מיט׳ן בעשטימען א מלך. קודם כל זאגט שמואל, מוזט איהר מיר בעשטעטיגען און צוגעבען אין דער עפענטליכקייט פאר גאט און פאר׳ן אויסדערוועהלטען מלך, צי האט ווער עס איז טענות צו מיר, צי האב איך אמאל ביי וועמען עס איז פערלאנגט א מתנה אדער אפילו אויף הוצאות ווען איך האב מיך בעמיהט ארומצוקרייזען איבער די יודישע קאנטען און צו געפונען אלע זועגען און מיטלען ווי צו אררנען דאס יודישע לעבען — שטענדיג האב איך מיך געריכטעט לויט דער תורה. און דאס גאנצע פאלק ענטפערט מיט א דונער שטימע: מיר האבען קיינמאל קיין עולה נישט געהאט! דאן האט דער נביא זיי ווייטער געגעבען א איבערבליק איבער די הויפט־פונקטען פון דער יודישער געשיכטע און איבער די יודישע פאלק׳ס פליכטען, אויף ווי ווייט זיי זענען אבהענגיג פון גאט׳ס השגחה, אז ווי נור די יודען פערזינדיגען זיך קומט אויף זיי באלד א שטראף, און ווי נור זיי טהון תשובה, קומט צו זיי א הילף. און אויך יעצט נאכ׳ן בעשטימען א מלך און איינפיהרען א מלוכה ארדנוג, מוזען זיי שטענדיג געדענקען, דאס אויב די יודען וועלען זיך ריכטען און פיהרען א לעבען וואס זאל שטימען מיט די בעפעהלען פון גאט און פון די תורה, דאן וועלען זיי מצליח זיין, און אויב חלילה נישט — דאן וועט זיי אויך נישט העלפען אפילו דער בעסטער און פעהיגסטער מלך.

און שמואל האט אנגעזאגט דעם פאלק, אז ער וועט זיי בעווייזען א צייכען, אויף ווי ווייט זיי האבען זיך פערזינדיגט פאר גאט, דאמיט וואס א טייל פון פאלק האבען געהאט די כונה ביים פאדערען א מלך, אז די יודען זענען א פאלק, נישט מעהר און נישט וועניגער ווי די נישט־יודישע פעלקער, און זיי ווילען אויך פיהרען אזא ארט לעבען ווי די פרעמדע פעלקער. אט זעהט! זאגט דער נביא: זעהט, היינט איז שניט־צייט, און עס איז נישט די נאטור אין ארץ ישראל עס זאל היינט קומען א רעגען, וועל איך אייך בעווייזען מיט מיין תפילה, אז

באלד וועט קומען א שטורמ׳דיגער רעגען, און אזוי איז טאקי באלד געשעהען.

די יודען האבען איינגעזעהען אלע, אז זיי האבען זיך ווירקליך פערזינדיגט, און זיי פערלאנגען פון שמואל׳ן ער זאל תפילה טהון צו גאט פאר די יודענ׳ס וועגען, עס זאל זיי קיין שלעכט׳ס נישט געשעהען. שמואל טרייסט אבער די יודען און פערזיכערט זיי, אז אויב זיי וועלען אויף ווייטער זיך נישט אבקעהרען פונ׳ם וועג וואס איז אנגעצייכענט פון גאט, וועט זיי געהן גוט. אויב אבער חלילה, זיי וועלען אוועק אין פרעמדע ריכטונגען, וועט זיי קיין שום מלך נישט העלפען, נור זיי וועלען פערניכטעט ווערען.

## ד. די ערשטע רייבונגען צווישען שמואל הנביא מיט שאול׳ן.

שאול׳ס שטענדיגע ארמע. — די פלישתימיער פערשטארקען זייער דרוק אויף יודען. — יונתן, שאול׳ס זוהן דער׳הרג׳עט דעם נציב פון פלישתים. — די לעצטע שטעלען ארויס א אונצעהליגע מעכטיגע ארמע. — די פערצווייפעלטע לאגע פון שאול׳ן. — שמואל׳ס נבואה־בעפעהלען און שאול׳ס דורכפאלען אינ׳ם נסיון. — די ערקלערונג אז שאול׳ס מלוכה וועט זיך נישט לאנג האלטען.

נאך דער מלחמה מיט די עמונ׳ער האט זיך שוין שאול נישט אומגעקעהרט צו זיין רוהיגער ארבייט. זיינע פליכטען צום פאלק האבען איהם שוין אינגאנצען אהערגעשטעלט צו דער מלוכה־דינסט און ער זעהט אויך, אז כדי דאס פאלק זאל האבען א געזיכערטען עקזיסטענץ צווישען די ארומיגע פיינדליכע שכנים, כוז עס אויף א געוויסער צייט פון א פריעדליך אגראר־פאלק ווערען א קריעג׳ס־פאלק, און דער נייער קעניג נעהמט זיך פארמירען א שטענדיג בעוואפענטען חיל. אין דער ערשטער צייט האט שאול געשאפען א שטענדיגע ארמע, וואס איז בעשטאנען אין פריעדענס־צייט, פון דריי טויזענד־מאן. די דאזיגע כחנה האט ער פערטיילט אין דריי גרופען צו טויזענד מאן. איינע — האט ער אוועקגעשטעלט אין מכמש, א צווייטע — אין בית אל (אין די דאזיגע צוויי ערטער האט שאול געהאט זיין רעזידענץ, אמאל אויף איין ארט אמאל אויפ׳ן צווייטען), און א דריטע גרופע פון טויזענד מאן האט ער אוועקגעשטעלט אין גבעת בנימין אונטער דער אנפיהרונג פון יונתן, דער זוהן פונ׳ם קעניג. דאס גאנצע איבריגע חיל וואס האט זיך בעטייליגט אין דער מלחמה מיט די עמונ׳ער, האט דער קעניג אהיימגעשיקט פריי צו זייער פרידליכער ארבייט.

אין יענער צייט האבען די פלישתים'ער אויפסניי גענומען דריקען דאס יודישע פאלק, געמאכט איהם אין א געוויסער מאס אבהענגיג פון זיי. די יודען האבען זיי געמוזט צאהלען צינזען, ווי אין שמואל'ס צייטען, און זענען דאדורך שטארק פעראריסט געווארען. די פלישתים'ער האבען דאן געהאט אין ארץ ישראל א אייגענעם נציב (פארשטעהער) און האבען שטרענג נאכגעשפירט אז אין לאנד זאל זיך קיין געוועהר נישט געפינען. אין אלגעמיין, האבען זיך געפונען ביי יודען ווייניג שמידען, ווייל אינ'ם בארען אין ארץ ישראל געפינט זיך נישט קיין אייזען, און אז מ'האט זיך גענויטיגט אין א שמיעד האט מען געמוזט אנקומען צו איינעם פון שכנות'דיגען לאנד. האבען די פלשיתמ'ער געזעהען, אז קיין שמידער זאל אין ארץ ישראל נישט וואוינען אזוי אז אין גאנצען לאנד זאל זיך נישט געפונען קיין שווערד און שפיז, א חוץ שאול און זיין זוהן יונתן, וואס האבען געהאט צו שווערד און שפיז. די איבריגע בעוואפענטע לייט, האבען נור געהאט פיילען און בויגענס מיט שטיינער (רד"ק). שאול אבער, האט זיך פאר אט די אלע שוועריגקייטען נישט אבגעשראקען, און ער האט אין שפיץ פון זיין קליינע אבער העלדישע ארמע, אוועקגעשטעלט זיינע בעריהמטע קריעג'ס־העלדען אבנר־בן־נר (א זוהן פון זיין פאטער'ס ברודער) און יונתן (זיין אייגענער זוהן).

יונתן האט דער'הרג'עט דעם נציב פון די פלשתים אין גבעת בנימין, וואס עס איז געווען א אנזאג, אז די יודען מוזען זיך גרייטען אויף שטעלען א ווידערשטאנד די פלשתים'ער וועלכע וועלען זיכער קומען אויף א מלחמה, זיך נוקם צו זיין פאר'ן הרג'ענען זייער נציב אין לאנד; און שאול האט ארויסגעגעבען א נייעם בעפעהל, די יודען זאלען זיך צונויפזאמלען און זיך שטעלען, גרייט צו דער מלחמה.

די פלשתים'ער האבען ארויסגעשטעלט א אונצעהליגע ארמע, דערונטער אויך 6000 רייטער און 30,000 אזעלכע הארמאטען און זיי האבען זיך אבגעשטעלט נאהנט פון שאול'ס רעזידענץ אין מכמש. די יודען וואס האבען זיך פערזאמעלט ארום שאול'ן, זענען ביי זיך שטארק אראבגעפאלען פון שרעק פאר דער גרויסער ארמע פון די פלשתים'ער און זיי האבען זיך אויסבעהאלטען אין די בערג און אין טהאלען. די יודישע בעפעלקערונג וואס האט געוואוינט נאהנט פון ירדן, איז אינגאנצען נישט געקומען אויף שאול'ס בעפעהל. נור זיי זענען אנטלאפען, אריבער פון יענע זייט ירדן.

אין דער זעלבער צייט, האט שאול בעדארפט אויסהאלטען א נסיון וואס איז איהם געשטעלט געווארען אויפ'ן בעפעהל פון שמואל הנביא, כבדי צו זעהען אויף ווי ווייט שאול איז פעהיג צו האבען בטחון אויף

די ווערטער פון גאט וואס קומען צו איהם דורכ׳ן נביא. נעמליך, שמואל האט איהם געשיקט זאגען אז ער זאל ווארטען 7 טאג אין גלגל, ווען ער שמואל וועט קומען צו שאול׳ן, ביז יענער צייט זאל ער גארנישט טהון. אט דאס, וואס מען האט געזעהען, אז שאול טהוט גארנישט צו פערטרייבען די פלשתים׳ער, ווען יענע פערשפרייטען זיך שוין איבע׳ר די יודישע שטעדט, האט נאכמעהר ארויסגערופען א שרעק ביי די יודען וועלכע זענען זיך פונאנדערגעלאפען, און מיט שאול׳ן זענען נישט געבליבען מעהר ווי 600 מאן. דאס האט געפיהרט אויך שאול׳ן אין א שרעקליכר פערצווייפלונג, נאכמעהר, ווען ער האט געזעהען אז עס איז שוין דער זיבעטער טאג און שמואל הנביא קומט נישט, האט ער זיך בעשלאסען מיט זיין לעצטען ביסעל חיל, צו פעראייניגען זיך מיט די גרופע וואס שטעהט אונטער יונתנ׳ס גרופע אנפיהרונג אין גבעת בנימין, און בכדי צו דערגרייכען צו א מדריגה פון נבואה, האט שאול גענומען ברענגען קרבנות אין גלגל.

ווי נור שאול האט פערענדיגט דאס מקריב זיין דעם קרבן עולה, האט מען דערזעהען פון וויטענס שמואל׳ן אנקומען, און שאול איז איהם אנטקעגען געגאנגען. שאול האט זיך גענומען פערענטפערען פאר שמואל׳ן, פארוואס ער האט אונטערגענומען זיין איניציאטיוו, טראץ דעם וואס שמואל האט איהם געהייסען ווארטען אויף זיך. דאביי האט שאול געשילדערט די פערצווייפעלטע לאגע, ווי דאס גאנצע פאלק האט איהם פערלאזט און זיך פונאנדערגעשפרייט, זעהענדיג ווי שאול זיצט מיט פערלעגטע הענד און נעהמט זיך נישט צו די מלחמה־געפארען פון די פלשתים׳ער. א חוץ דעם, האט ער געזעהען אז עס איז שוין דער סוף פון די זיבען טאג און שמואל קומט נישט, האט ער נישט געקענט רעכענען אז גראדע אין דער לעצטער מינוט וועט שמואל אנקומען. דער נביא וויל אבער נישט אננעהמען קיין שום תירוץ און ערקלערט קאטעגאריש, אז אזוי איז טאקי געווען דער ווילען פון גאט, צו זעהען אויב שאול איז פעהיג אין א פערצווייפעלטער לאגע זיך צו פערלאזען און גלויבען בתמימות אין די ווערטער פונ׳ם נביא, און וויל דאס איז נישט געשעהן, שאול האט דעם נסיון נישט אויסגעהאלטען, איז חאטש די יודען וועלען נישט בעשטראפט ווערען דערפאר מיט׳ן פערלירען די מלחמה, ווייל די יודען האבען יעצט אזא שטראף נישט פערדינט, וועט אבער שאול אליין בעשטראפט ווערען, דאמיט וואס זיין מלוכה וועט זיך נישט לאנג פערציהען, און שוין איז פון גאט בעשטימט געווארען א צווייטער קאנדידאט וואס זאל פערנעהמען די יודישע מלוכה נאך שאול׳ן.

## ה. דער גרויסער זיעג איבער די פלישתימ'ער.

יונתנ'ס געוואגטער און מסירות־נפש'דיגער שריט. — זיין זיעגרייכער צוזאמענשטויס מיט די פלישתימ'ער. — די גרויסע בהלה און דער צוזאמענברוך פון דער פיינדליכער ארמע. — די יודען בעקומען מוט און פערפאלגען דעם שונא. — שאול'ס שטרענגער בעפעהל און די פאלק'ס־שבועה. — יונתן האט אומגערען פערשוועכט די שבועה און ציהט אויף זיך א טויט־אורטייל. — דאס פאלק האט אבגעראטעוועט יונתנ'ן.

און יונתן האט געזעהען ווי דאס פאלק איז ענטמוטיגט געגען דער מעכטיגער פיינדליכער ארמע, און אז עס איז אויך אומעגליך אויסצושטעלען א גרעסערע יודישע ארמע וואס זאל זיך פערמעסטען אין א אפענע מלחמה מיט'ן פיינד, האט ער בעשלאסען צו געפונען א מיטעל אום ארויסצורופען ביי יודען ענטוזיאזם, און זיי ווייזען אז די מאכט ליעגט נישט אין די צאהלרייכע חיילות און נישט אין די פיזישע און טעכנישע איבערוויגענדע כחות, נור אז דער גורל פון מענשען און פעלקער ווערט פון גאט בעשטימט, און אויב עס ווערט וועמען צוגעשריבען הצלחה און גליק, קען ער דעם זיעג אויסשפילען אויך מיט די קלענסטע מענשליכע כוחות.

יונתן דערצעהלט נישט קיינעם וועגען זיינע פלענער, נור זיין איינצינען אדיוטאנט פאר וועמען ער פערטרויט זיך, דאס ער גייט מאכען א ריזיקאלישען שריט, חאטש ער שטעלט דאביי אין געפאר זיין לעבען, און די גאנצע אויסרעכענונג זיינע איז נור אויף ניסים וואס ער האפט, דאס פון הימעל וועט מען נישט דערלאזען די יודען זאלען אומקומען אונטער'ן פיינד'ס שווערד. אויף אזא אופן איז דאך ווירקליך נישט צו נעמען אין בעטראכט צי די יודען וועלען ארויסשטעלען גרעסערע אדער קלענערע כוחות; אויב ווידער מען זאל נישט רעכענען אויף א נס פון הימעל, דאן זענען די יודען חלילה פערלוירען.

צווישען די פאזיציעס וואס עס האבען פערנומען די פלישתימ'ער, פון איין זייט און די קליינע יודישע מחנה פון דער צווייטער זייטען זענען געווען זעהר שפיציגע בערגער וואס עס איז אונמעגליך דורכצוגעהן אויף א געוועהנליכען אופן, און דאס אדורכגעהן אליין אהן בעזונדערע צוגעטראכטע מיטלען איז געווען פערבונדען מיט א לעבענ'ס־געפאהר. אבער די יודישע העלדען יונתן מיט'ן אדיוטאנט וואס האט דעם העכסטען צוטרוי צו זיין הער, האבען שוין לאנג בעשלאסען צו שטעלען זייער לעבען אין געפאהר, און זיי קלעטערען אויף די געפעהרליכסטע ערטער,

מיט'ן צוזעק זיך אריבערצוכאפען אין פיינדליכען לאגער; און, א סימן האבען זיי זיך געמאכט: ווען די פלישתים וועלען זיי פון ווייטענס דערזעהען און אויסרופען: שטעהט'ס אויף אייער פלאץ ביז מיר וועלען צו אייך קומען! דאן איז שלעכט, און זיי וועלען זיך צום פיינד מעהר נישט דערנעהנטערן. קוים אבער וועלען זיי הערען: קומט אהער! דאן וועלען זיי זיך צום פיינד יא דערנעהנטערן.

און די פאר־פאסטענס אין דער פיינדליכער ארמע, דערזעהען די צוויי יודען פון ווייטענס און רופען צו זיי: קומט אהער וועלען מיר אייך עפעס דערצעהלען! דאס איז געווען דער בעשטימטער סימן ביי יונתן, אז זייער לאגע איז נישט געפעהרליך, און יונתן בעפעהלט זיין אדיוטאנט צו געהען נאך איהם, ווייל ער איז זיכער אז גאט וועט דעם פיינד אונבעקטיג מאכען געגען יודען.

און יונתן מיט זיין אדיוטאנט האבען ווייטער געקלעטערט אויף די בערג, זיי האבען געזוכט א אומוועג אויסצומיידען די גרעסערע זאמעל־פונקטען פון די פיינדליכע חיילות, נור זיי זאלען אנטרעפען אויף קלענערע גרופען און ביי דער ערשטער בעגעגעניש זענען געפעלען צוואנציג מאן פון פיינד אינ'ם שלאכט וואס יונתן האט מיט זיי פערפיהרט. דער דאזיגער דרייסטער שריט האט ארויסגערופען א אונ־געוועהנליכע שרעק אין די פיינדליכע חיילות, חאטש די יודישע כהנה איז געווען אזוי קליין און מינדערווערטיג פון סטראטעגישען שטאנדפונקט, האט מען אבער פון הימעל אריינגעגעבען שרעקונגס־געדאנקען אין די מוחות פון די פלישתים'ער, אזוי דאס זיי האבען מעהר קיין מוט נישט געהאט צו פערבלייבען אויף די פאזיציעס, און זיי האבען גענומען אנטלויפען.

דערווייל האבען עס דערזעהען פון ווייטענס, די אויסקוקער פון דער קליינער יודישער מחנה וואס האט זיך קאנצענטרירט ארום שאול'ן, זיי האבען געזעהען ווי די פיינדליכע מחנה אנטלויפט פון די פאזיציעס, און שאול האט פערשטאנען אז עפעס אונגעוועהנליכעס האט דא געמוזט פארקומען, און ער האט געהייסען נאכזעהן ווער עס פעהלט אין דער יודישער מחנה. זעט מען אז עס פעהלען יונתן מיט זיין אדיוטאנט. בעפעהלט שאול דעם כהן־גדול (אחיה — דאס פערטע דור פון עלי הכהן: א) עלי, ב) פנחס, ג) אחיטוב, ד) אחיה — האט דאמאלס געטראגען דעם אפוד מיט'ן אורים ותומים), אנצופרעגען זיך ביים אורים ותומים, וואס עס איז געשעהן מיט יונתן. אין דער זעלבער צייט זעהט מען אבער ווייטער, ווי די מהומה צווישען די פיינדליכע חיילות וואקסט פון רגע צו רגע, און שאול הייסט זיך דעם כהן־גדול אבהאלטען, און

ער נעהמט זיין קליינע ארמע מיט וועלכע ער דערגרייכט די פיינדליכע חיילות ביי וועלכע עס איז א אונבעשרייבליכע מהומה און איינער דעם צווייטען דער׳הרג׳עט, נישט וויסענדיג וואס עס קומט פאר אין זיין אייגענער מחנה.

אין דער פיינדליכער מחנה האבען זיך אויך געפונען יודען וואס האבען געוואוינט אין פלישתים־לאנד, און זיי זענען געווען געצוואונגען זיך צו שטעלען אין דער מלחמה געגען זייערע אייגענע ברידער־יודען. — די פלישתים׳ער האבען זיי דאצו געצוואונגען. נאך דער מהומה אבער, וואס איז בעשטאנען ביי די פלישתים׳ער האבען זיך די פלישתים׳ער־יודען פעראייניגט מיט דער יודישער מחנה וואס איז געשטאנען אונטער דער אנפיהרונג פון שאול און יונתן, צו וועלכער עס האבען זיך אויך פעראייניגט מאסען פון די יודען וועלכע זענען פריהער געווען בעהאלטען אויף די ארומיגע בערג און אין די טהאלען אוים מורא פאר׳ן פיינד. יעצט זעהען אלע די גרויסע הילף וואס איז געשעהען דעם יודישען פאלק, און זיי שרעקען זיך מעהר נישט פאר די פלישתים׳ער. דאך זענען זיי נישט געווען געגאנגען אין דער מלחמה, נאכדעם ווי די יודען זעהען זיך אין א זיכערע לאגע, אז עס דראהט זיי מעהר נישט קיין מורא פאר א אנפאל פון די פלישתים׳ער. שאול אבער, ער האט איינגעזעהען אז מען דארף אויסנוצען דעם מאמענט אין נאכיאגען די אנטלויפענדע פלישתים׳ער און זיי געבען א דעצידירענדען שלאכט. און עס איז ארוים א שטרענגער קעניגליכער בעפעהל צו אלע יודען מיט א פערפליכטענדע ווארנונג, דאס קיין שום יוד זאל נישט וואגען עפעס צו נעהמען אין מויל אריין, א גאנצען טאג ביז׳ן אוונט, נור אלע מוזען זיך פערנעהמען אהן אברוה מיט׳ן פערפאלגען דעם אנטלויפענדען פיינד. די ערשטע מלחמה וואס שאול האט געפיהרט מיט די פלישתים׳ער האט זיך אלזא געענדיגט מיט א פאלשטענדיגע מפלה פאר׳ן פיינד, און דאס יודישע לאנד ווערט בעפרייט פון די הערשאפט פון די פלישתים׳ער, דען חאטש די לעצטע האבען אין א קורצע צייט ארום זיך פון דאס־ניי פערשטארקט און אנגעהויבען ווידער גאנץ אפט צו בעפאלען די יודישע גרענעצען, פלעגען זיי אבער שטענדיג טרעפען א מורא׳דיגען ווידערשטאנד דורך שאול׳ס ארמע און עס האט זיך זיי שוין מעהר נישט איינגעגעבען צו מאכען דאס יודישע פאלק אבהענגיג פון זיי.

עס איז אבער נישט בעשערט געווען אז דער גרויסער טאג וואס האט געברענגט אזא הילף די יודען, זאל פאראיבערגעהן אהן עגמת־נפש, און געשעהען איז עס ווייטער צוליעב יונתן וועמען עס האט ווידער געדראהט א געפאהר זיין לעבען דאס־מאל שוין פון דער יודישער

זייט, אז יונתן זאל אויף זיך ברענגען א טויט־אורטייל. די געשיכטע איז געווען אזוי:

יונתן האט נישט געוואוסט אז זיין פאטער, דער קעניג שאול האט ארויסגעגעבן אזא שטרענגען בעפעהל מיט א הארבע שבועה דאס קיין שום יוד זאל נישט נעהמען אין מויל אריין דאס בינדיסטע, במשך דעם טאג וואס איז בעשטימט געווארען צו פערפאלגען דעם פיינד. און ער האט אויסגעשטרעקט זיין שטעקען צום האניג וואס האט זיך געפונען און וואלד אויפ׳ן וועג וואו די יודישע מחנה איז דורכגעגאנגען, און ער האט דעם עק פון שטעקען נאכעהר גענומען אין מויל. אזוי ארום האט ער פערזוכט א קלייניגקייט פונ׳ם האניג און עס איז איהם געווארען ליכטיג אין די אויגען, דען ער איז שיעור נישט אויסגעגאנגען פון הונגער־חלשות. איינער פון די ארומיגע האט עס באלד אויפ׳ן ארט אויפמערקזאם געמאכט יונתן, וועגען זיין פאטער׳ס שטרענגען פערבאט צו געניסען א גאנצען טאג, אבער יונתן האט זיך פערענטפערט, אז אחוץ דעם וואס ער האט דערפון נישט געוואוסט, האט ער נור גענומען אין מויל א גאנץ קלייניגקייט און דאס אויך נור ווייל דער הונגער־חלשות האט איהם שיעור נישט דאס לעבען צוגענומען — אויף אזא אופן האט דער קעניגליכער בעפעהל זיכער נישט געמיינט צו בעשטראפען.

ווען שאול לאזט שפעטער פרעגען אין אורים ותומים, צי מען זאל זיך לאזען אויף די פלישתים׳ער אין א צווייטער מלחמה, בכדי צו בערויבען זייער פערמעגען און זיך אבנעהמען דאס וואס זיי האבען פריהער די יודען אזוי שרעקליך פערארימט, איז קיין שום ענטפער אין אורים ותומים נישט געקומען. דאן האט שאול פערשטאנען אז איינער פון די חשוב׳סטע לייט צווישען יודען האט מיט עפעס געמוזט זיך פער־זינדיגען אין דער מלחמה און ער האט ארויסגעגעבן א בעפעהל מען זאל עס איהם ענטדעקען, ווער עס ווייסט נור אויף ועמען א בעגאנגענע זינד. קיינער האט אבער נישט געוואגט צו דערצעהלען דעם קעניג, אז זיין אייגענער זוהן יונתן האט עובר געווען די פאלק׳ס־שבועה וואס איז ארויסגעגעבען געווארען אויפ׳ן קעניג׳ס־בעפעהל. האט שאול פערשטאנען, אז דא מוז עפעס זיין פערמישט יונתן, און ער האט ארויסגעזאגט זיין ווארט שטרענג, דאס אויב אפילו עס זאל זיך האנדלען אינ׳ם לעבען פון זיין זוהן יונתן, וועט ער איהם נישט שוינען, ווייל אלע אהן אונ־טערשייד מוזען שטעהן גלייך פאר׳ן געזעץ און יעדער, אפילו דער גרעסטער, מוז שטרענג בעשטראפט ווערען ווען ער טהוט פערשוועכען דאס געזעץ.

און שאול האט געווארפען גורל, פון איין זייט האט ער געשטעלט

דאס גאנצע יודישע פאלק און פון דער צווייטער — זיך מיט זיין זוהן יונתן, איז דער גורל געפאלען אויף דער זייט פון די לעצטע. האט שאול ווייטער געווארפען גורל, צווישען זיך מיט יונתן, און דער גורל איז געפאלען אויפ'ן לעצטען, האט שאול אויפגעפאדערט זיין זוהן, ער זאל זיך אפען ערקלערען וואסער זינד ער איז בעגאנגען, און יונתן האט זיך מודה געווען, אז ער האט פערזוכט א ביסעל האניג און אוכגערען פערשוועכט די פאלק'ס־שבועה וואס איז ארויס אין נאמען פון קעניג און ער האט דערפון נישט געוואוסט. שאול איז שוין געווען גרייט צו־לאזען אויספיהרען א טויט־אורטייל אויף זיין אייגענעם זוהן, ווען נישט דאס וואס דאס גאנצע פאלק האט זיך גענומען בעטען בעיים קעניג, דאס עס איז א אונגעהערטע זאך, יונתן וועלכער איז געווען דער שליח און האט דער ערשטער זיך געשטעלט אין גרעסטען געפאהר בכדי צו־ברענגען הילף די יודען, אז אינ'ם זעלבען טאג ווען די גרויסע הילף איז געשעהען, זאל גאר יונתן אליין פעראורטיילט ווערען צום טויט — און דאס פאלק האט אבגעבעטען דאס לעבען פון יונתן ביי זיין פאטער שאול דעם קעניג, וואס האט געזוכט מיט אזא שטרענגקייט איינצופיהרען דאס געפיהל פאר'ן געזעץ אין יודענטום.

## ו. דער מאראלישער איבערברוך אין שאול'ס מלוכה.

שאול'ס ווייטערדיגע מלחמות. — זיין ארבייט צו דערהויבען דעם יודישען מצב. — די מלחמה מיט עמלקין. — דער זיעג אבער פערזענליכער דורכפאל פון שאול'ן. — די געטליכע בעשטימונג אוועקצונעהמען ביי שאולין די מלוכה.

נאכדעם ווי שאול האט זיך אבגעפארטיגט אביסעל מיט די פלישתים'ער האט ער זיך גענומען אברעכענען מיט די איבריגע פעלקער, וועלכע האבען יאהרען לאנג געדריקט דאס יודישע פאלק, און בעפאלען די גרענעצען פון לאנד. „ער האט אבגעהאלטען גלענצענדע זיעגען אין זיינע מלחמות מיט מואב און מיט עמון, מיט אדום און מיט צובה, און וואו ער האט זיך געקעהרט האט ער אומעטום בעגליקט". דאמיט האט שאול א לייגגע צייט בעפרייט זיין פאלק פונ'ם פאליטישען דרוק פון די ארומיגע פיינדליכע פעלקער.

שאול האט אבער נישט בלויז פאר דעם מאטעריאלען גליק פון לאנד זיך געזארגט, ער האט שטענדיג געזוכט אויך צו דערהויבען דאס פאלק אין מאראלישען זין. ער האט נעקעמפט געגען די פערשיעדענע

ווירקונגען פון דער פרעמדער געצענדינערײַ; ער האט אויסגעראטען פון לאנד דאס כישוף־מאכערײַ; ער האט אויפגעפאסט אז דאס פאלק זאל פונקטליך די תורה אבהיטען, זאגאר אויפ׳ן שלאכט־פעלד האט ער געלאזט אויפזעהן אז דאס חיל זאל נישט עסען קיין אומגע׳שחט׳ן פלייש א. א. וו. די אלע שאול׳ס פערדיענסטען צוזאמען מיט זיינע אויסגעצייכענטע פערזענליכע אייגענשאפטען, האבען איהם געמאכט בעליעבט ביים פאלק, וואס האט איהם געאכטעט אויף דער העכסטער מדרגה.

נור — לאנג איז איהם, שאול׳ן, נישט בעשערט געווען צו פיהרען זיין מלוכה, און אהן שטרויכלונג, דען עס האט זיך איהם אונטערגערוקט די מלחמה, מיט׳ן עמלק־פאלק, צו וועלכען שמואל הנביא האט בעאויפ־טראגט דעם קעניג אין גאטס נאמען, וואס שאול האט אבער נישט דורכגעפיהעט ווי עס בעדארף צו זיין.

אזוי האט גאט געזאגט — זענען שמואל׳ס ווערטער צו שאול׳ן — „איך געדענק וואס עמלק האט אבגעטהון די יודען, ווען ער האט איהם אפגעווארט ביים ארויסגעהן פון מצרים״, ווען קיין שום אומה האט נישט געוואגט צו קימען אויף א מלחמה מיט יודען, ווען אלע פעלקער זענען געווען פערצי׳טערט און פערשטוינט פון די אפענבארע גאט׳ס נסים וואס האבען די יודען בעגלייט — האבען די עמלקים זיך עס אונטער־גענומען אבצושוואבען דעם איינדרוק פון גאט׳ס מאכט און הערשאפט אויף די וועלט, זיי זענען געקומען אויף א מלחמה מיט יודען, נישט מיט׳ן צוועק צו עראבערען לאנד, ווייל די יודען האבען דאן קיין אייגען לאנד נישט געהאט; זי האבען אויך נישט געזוכט צו פערטיידיגען די גרע׳נעצען פון אייגענעם לאנד, ווייל די יודען זענען געשטאנען ווייט פון דער עמלק־גרענעץ; זיי האבען אויך פריהער נישט געהאט קיין שום קאנפליקט מיט יודען, און זיי האבען אויך נישט געהאט דעם צוועק ארויסצוווייזען זייער גבורה, ווייל פערקעהרט די עמלקים האבען נור געזוכט צו ט׳רעפען די שוואכע אין אבגעשטאנענע פון דער יודישער מחנה — דער איינצי׳גער צוועק פון די עמלקים איז נור געווען און איז שטענדיג אבצולייקענען גאט׳ס נאמען אויף דער וועלט, און פון דאנען שטאמט זייער הויבט־שנאה צו יודען וועלכע זענען די איינציגע וואס האבען דעם וועג צו הויבען גאט׳ס כבוד; דעריבער איז עס אויך דער אייביגער חוק און צוועק פון יודישען פאלק צו פיהרען א אויס־ראטונג׳ס מלחמה מיט׳ן עמלק־פאלק ווייל כל זמן די לעצטע האבען א ממשלה און ווירקונג אויף דער וועלט, וועט עס אייביג זיין א שטערונג צו דערגרייכען דעם צוועק און די מעגליכקייט, צו פראפאגאנדירען די געטליכקייט אויף דער וועלט.

און ווייטער איז געווען גאט׳ס בעפעהל צו שאול׳ן: „געה און שלאג דעם עמלק, און זאלסט פערוויסטען אלעס דאס זייניגע. דו זאלסט דא נישט בענוצען קיין בארמהערציגקייט, נור זאלסט זיי אויסראטען, מאן און ווייב, יונג און אלט״; זאגאר זייערע בהמות און פערמעגען זאלסטו פערניכטען און נישט לאזען עס פערכאפען דורך קיינעם אלס זיין אייגענטום, ווייל די מלחמה מיט עמלק האט פאר יודען נישט קיין צוועק פון עראבערונג אדער פערמעגען פערכאפען, נור דאס איז א מלחמה פאר גאט׳ס כבוד וואס די עמלקים ווילען פערניכטען, און כל־זמן עס בלייבט פון עמלק׳ן די מינדיסטע געדעכעניש, ביזטו נישט זיכער אז גאט׳ס כבוד וועט ווייטער נישט פערשוועכט ווערען.

נאך אזא שטרענגען אנזאג, האט שאול בעדארפט געהן אין דער מלחמה אהן שום קלוגענישען, נור סתם מיט׳ן צוועק אויסצופאלגען גאט׳ס ווארט. ער האט אבער נישט אזוי געטהון, נור ער האט פערפיהרט א מלחמה אויפ׳ן זעלבען אופן ווי אנדערע מלחמות וואס האבען דעם צוועק, דעם פיינד אבצושוואכען און נישט אינגאנצען צו פערניכטען. קודם־כל האט שאול געזוכט ארויסצורופען מיט די עמלקים א קאנפליקט צוליעב א טייך וואס געהט ביי דער גרענעץ פון עמלק־לאנד, שאול האט ארויסגעשטעלט א טענה אויפ׳ן טייך.

דאס האט שוין צוגעגעבען דער מלחמה א געוועהנליכען כאראקטער, ווי צוויי פעלקער האלטען מלחמה, און נישט ווי עס איז געווען דער אמת׳ער צוועק פון דער עמלק־מלחמה, א נקמה־מלחמה אהן שום עראבערונג׳ס־צוועקען.

און, ווען שאול האט שוין אבגעהאלטען א ענטגילטיגען נצחון איבער די עמלקים, און ער האט זיי געשלאגען אויפ׳ן גאנצען פראנט פון חוליה ביז מצרים, האט ער זיך געלאזט בעאיינפלוסען פונ׳ם רחמנות־געפיהל, און געשאנקען דאס לעבען דעם עמלק־קעניג אגג. אויך האט ער געלאזט ברענגען לעבעדיג, דעם גאנצען אינווענטאר פון עמלק, די בעסטע שעפסען, רינדער א. א. (דאס האט אויך געגעבען די מעג־ליכקייט מאסען עמלקים זיך צו ראטעווען און בלייבען לעבען, דען זיי זענען געווען גרויסע כישוף־מאכער און זעהענדיג אז די יודען לאזען לעבען זייערע בהמות און שאף, האבען זיי מיט כישוף זיך פערשטעלט אין די ראל און געשטאלט פון בהמות, און זענען אזוי ארום געבליבען לעבען).

און עס איז געקומען גאט׳ס ווארט צו שמואל׳ן און זאגט: „איך טהו אבשאפען מיין ווארט וואס האט בעשטימט שאול׳ן אלס יודישען מלך, דען ער האט זיין מלוכה־געדאנק אבגעפיהרט פון מיין בעפעהל, וואס ער טהוט נישט אויספיהרען״.

ווען שמואל איז געקומען צו שאול'ן, איהם זאגען גאט'ס ווערטער, האט ער אויך נישט אנגענומען קיין שום פערענטפערונג, נור ער ערקלערט איהם קורץ: ווייל דו האסט פער'מיאוס'ט גאט'ס ווארט, האט דיך אויך גאט פער'מיאוס'ט פון צו זיין א מלך ביי יודען.

פון יענער צייט אן, האט שמואל הנביא מעהר זיך נישט געטראפען מיט שאול'ן זיי זענען זיך פונאנדערגעגאנגען יעדער אין זיין רעזידענץ־שטאט, שמואל קיין רמה און שאול קיין גבעת שאול, נאכדעם ווי מען האט אויסגעפיהרט א טויט־אורטייל איבער'ן עמלק־קעניג אגג.

## ז. דוד, דער קומענדער יודישער מלך.

די בעשטימונג פון א טראהן-פאלגער וואס זאל איבערנעהמען די יודישע מלוכה. — דוד, זיין אבשטאמונג און זיינע מעלות. — שמואל הנביא זאלבט דוד'ן אלס קומענדער יודישער מלך. — דער פרייד־גייסט ביי דוד'ן און שרעק־גייסט ביי שאול'ן. — ווי די השגחה האט צוזאמענגעפיהרט דוד'ן מיט שאול'ן.

אין דער צייט וואס שמואל הנביא האט כסדר בעדויערט און געטראכט וועגען דעם גורל פון דער נייער יודישער מלוכה, ער זעהט נישט אין שאול'ן דער מאן ביי וועלכען עס זאל פערבלייבען די מלוכה־פיהרונג, האט איהם א נבואה פון גאט געזאגט, אז ער זאל זיך גרייטען אין וועג אריין, אויפזוכען דעם בעשטימטען קאנדידאט וואס דארף פערנעהמען דעם יודישען מלוכה־טראהן נאך שאול'ן, איהם זאל ער זאלבען פאר א מלך אויף שטענדיג, ווייל די יודישע מלוכה בלייבט ביי איהם און ביי זיינע קינדער און קינד'ס־קינדער.

דער דאזיגער קאנדידאט וואס די נבואה האט אנגעוויזען שמואל'ן, איז געווען דוד דער שפעטערדיגער מלך, א זוהן פון ישי, וועלכער שטאמט פון יהודה'ן, דאס צעהנטע דור פון פרץ, א זוהן פון יהודה און א אייניקעל פון יעקב אבינו 1).

דער דאזיגער דוד האט פון זיין פריהסטער יוגענד זיך אויסגעצייכענט — א חוץ אלע אויסערגעוועהנליכע מעלות, מיט זיין ברענענדער ליבע צו גאט און צו זיין פאלק, וואס ער האט שטענדיג בעזונגען מיט זיינע גייסטרייכע שירים און לידער. און צוליעב זיין שטענדיגע

---

1) זעה דריטען באנד דעם אויספיהרליכען יחוס פון דוד המלך ביים שופט אבצן (בועז).

שטרעבונג צו זיין אבגעזונדערט פונ'ם וואכעדיגען לעבען און פון מענשען, האט ער זיך פערנומען מיט'ן האבען די אויפזיכט איבער די סטאדעס פון זיין פאטער, וועלכע פלעגען זיך פאשען וויים פון ישוב. צווישען די טשעדעס שאף, אין פעלד, פלעגט ער בענייסטערטע לידער אויסזינגען, און אויף דער הארפע געטליכע מעלאדיעס שפיעלען, אזוי אז ער איז שפעטער אויסגעוואקסען דער גרויסער געטליכער משורר, וואס האט אלץ וואס אויף זיין הארץ און גייסט, דורך פידעל און געזאנג איבערגעגעבען.

און אויך זיין טיפען רחמנות־געפיהל, פלעגט דוד שטענדיג ארויסווייזען, נישט בלויז צו מענשען נאר זאגאר צו די בהמות וואס האבען זיך אונטער זיין אויפזיכט אויפ'ן פעלד געפיטערט. ער פלעגט די שאף פיטערען אזוי אויסגערעכענט, אז יעדען פון זיי זאל אנקומען אזא עסען, ווי פאר איהם איז בעסער און געזונטער. צו אלעם ערשטען האט ער ארויסגעפיהרט גאר די יונגסטע אהן־ציינער־שעפעלעך, זיי זאלען אבעסען דאס אויבערשטע פון גראז, גאר דאס ווייכסטע און דאס גרינגסטע צום קייען; דערנאך — די אלטע שוואך־ציינינגע צאפעס, זיי זאלען געניסען פון דע־מיט גראז, נאך אויך גענוג ווייך; צום לעצטען — די יונגע דערוואקסענע שאף, וואס זיי מיט זייערע פעסטע ציינער קענען גריזען און פערדייען אויך דאס אינטערשטע הארטע גראז נאהנט ביים ווארצעל.

אין נישט בלויז מיט זיין גוטסקייט און בארמהערציגקייט, האט דוד זיך אויסגעצייכענט, נייר אויך מיט זיין העלדען־גבורה, אויך דאס האט מען ביי איהם געקענט זעהען שוין אין די יונגסטע יאהרען, און טאקי אויפ'ן פעלד וואו ער האט מיט אזא זארגפעלטיגקייט און טרייהייט געהיטען די שאף. ווען עס פלעגען ווילדע חיות אנפאלען, זועלף, בערען אדער לייבען אויף די שאף, פלעגט דער יונגער העלד פייל און בויגען אין האנד נעהמען און גאנץ דרייסט אין מלחמה געגען די אנפאלער געהן.

דערפאר האט איהם גאט געזאגט: דער וואס קען אזוי טריי פאשען זיינע שאף, יעדען נאך זיין כח — אין זיינע הענד פערטרוי איך מיינע שאף — מיין פאלק.

דוד איז געווען דער יונגסטער פון זיינע זיעבען ברידער, ישי'ס זיהן וועלכע האבען זיך אלע אויסגעצייכענט מיט זייער קלוגשאפט און דערהויבענע מדות, דאך האבען זיי אלע צו איהם געהאט א פערגלייך ווי א הייזשעריק צו א ריז, און אלע האבען איינגעזעהען, אז דא וואקסט א אויסנאהם־מענש וואס וועט אמאהל פערנעהמען דעם העכסטען פלאץ אין יודישען פאלק. ער אליין אבער, דוד האט אין זיך פער־מאגט די גרעסטע בעשיידענהייט און ענוות, ער האט זיך געפיהלט

א דערשלאגענער און נידעריגער פון אלע מענשען, וועלכער דארף אדרבה, צו זייער דינסט שטעהן.

ווען שמואל הנביא איז אנגעקומען קיין בית־לחם, דאס ארט וואו ישי האט געוואוינט. האט ער אויף גאט׳ס בעפעהל גענומען אין האנד א קרבן וואס ער זאל דארט אין בית־לחם אויפברענגען, דארט האט ער אויך פערטרויט ישי׳ן, אז ער האט א שליחות פון גאט, צו זאלבען איינעם פון זיינע זיהן פאר דעם צוקונפטיגען יודישען מלך. ישי האט געברענגט פאר שמואל׳ן זיינע זיהן, איינעם נאכ׳ן אנדערען. און אויף יעדען בעזונדער זאגט שמואל, אז נישט דער איז עס, אויף וועלכען גאט האט איהם אנגעוויזען. ערשט צום סוף, זאגט ישי, אז נאך איין זוהן האט ער, וועלכער געפונט זיך אין פעלד מיט די שאף, אויב דו ווילסט וועל איך בעפעהלען, ער זאל קומען.

באלד ווי דוד איז אנגעקומען, האט א נבואה פון גאט געזאגט צו שמואל׳ן: אט איז עס דער וועגען וועמען איך האב דיר אהערגעשיקט, און וועמען דו דארפסט זאלבען פאר א שטענדיגען מלך ביי יודען.

און באלד ווי שמואל האט געווירקט מיט׳ן זאלב־אייל, איז דער לעצטער געווארען א נייער מענש, און א פרישע העכערע בעגייסטערונג האט איהם אינגאנצען בעהערשט, אבער אין דער זעלבער צייט, איז שאול דער יודישער מלך בעהערשט געווארען פון א בייזען גייסט וואס האט כסדר גענומען זיך שרעקען און בעאונרוהיגען, די ווערטער פון שמואל׳ן, אז די מלוכה וועט זיך ביי שאול׳ן נישט לאנג האלטען, האבען זיך שוין לאנג איינגעגעסען טיעף אין שאול׳ס הארץ און עס טהוט איהם כסדר שרעקען יעדע קלענסטע ענדערונג און געשעהנישען. די לעצטע טעג אבער, איז די בעאונרוהיגונג ביים קעניג שאול אויסגעוואקסען אין א אומפערשטענדליכער פארם.

זיינע נאהנטע און בעקאנטע זוכען עצות, ווי צו ווירקען אויפ׳ן קעניג, כדי צו דערהויבען זיין גייסט און רוהיגקייט. צווישען אנדערע, האבען זיי איהם גע׳עצה׳ט צו לאזען זיך רופען א יונגערמאן וואס קען ארויסברענגען בעגייסטערטע געזאנגען און טענער, אזעלכע וואס זאלען מעגליך ווירקען אויפ׳ן קעניג שאול איהם צו בערוהיגען, דאביי האבען זיי אויך גענומען רוהמען דעם יונגען דוד, וועגען וועלכען מען דערצעהלט וואונדער אין אט דער הינזיכט, וועגען זיין אונפערגלייכער בעגייסטערונג וואס עס רופט ארויס זיינע געזאנגען, מוזיקאלישע טענער און געטליכע מעלאדיעס. פון יענע צייט אן, האט שאול געלאזט ברענגען דוד׳ן צו זיך, וועלכער ווערט בעשטימט צו פערנעהמען א הויכען אמט און ער געפינט זיך שטענדיג נאהנט ביים קעניג. דוד׳ס נאהנטקייט האט געהאט

א שטארקע ווירקונג צו בערוהיגען שאול'ן, און ווי נור עס קוטט אויף שאול'ן עפעס א גייסט וואס טהוט איהם בעאונרוהיגען, האט דוד מיט זיין וואונדערבארע הארפע פערטריבען דעם אונמוט פון קעניג שאול.

## ח. דוד'ס ערשטער ארויסטריט אין דער יודישער מחנה.

דוד'ס רוהם וואס ווערט שפעטער אויסגענוצט איהם צו אינטריגירען. — דער פלישתי-ריז ג ל י ת וואס ווארפט א שרעק אויף דער גאנצער מחנה. — די אונבעהאלפענקייט פון שאול און אלע זיינע הויפט־לייט. — דוד'ס אנקומען אויפ'ן מלחמה־פלאץ. — זיין דרייסטער שריט אונטערצונעהמען א קאמף מיט גלית'ן. — דער גלענצענדער נצחון וואס האט געפיהרט צו א אלגעמיינעם יודישען נצחון איבער די פלישתים'ער.

אקורצע צייט האט עס אינגאנצען געדויערט, דוד'ס רוהיגע לאגע ביים קעניג שאול. דען, אין קורצען איז אנגעקומען א מאמענט וואס האט איהם פערשאפען א גרויסען רוהם אין דער גאנצער יודישער מחנה, אבער גלייכצייטיג האט עס דוד'ן געקאסט זיין רוהיגקייט, ווייל וואס מעהר דוד'ס רוהם וואקסט צווישען יודען, אלס מעהר וואקסט דער כעס פונ'ם קעניג אויף דוד'ן, פון דער ערשטער גרויסער ליעבשאפט צו דוד'ן איז יעצט ארויסגעוואקסען א אונענדליכע נעץ פון שנאה און האס וואס שאול טראגט צו דוד'ן, האבענדיג שטענדיג אויפ'ן געדאנק, אז אט דער יונגער דוד, גרייט זיך עס צו פערנעהמען דעם טראהן פון דער יודישער מלוכה נאך שאול'ן, און אז ער דוד, פלאנט אויך ארויסצורופען א אויפשטאנד געגען שאול'ן. דאצו האבען אויך מיטגעווירקט די פיעל מסירות און פאלשע קלאנגען, רכילות און שקרים וואס עס האבען אונטערגעטראגען דעם קעניג, אזעלכע וואס האבען זיך מקנא געווען אינ'ם יונגען דוד, און זיי האבען נישט געקענט עס איהם פערגינען, ווי זיין רוהמפולער נאמען וואקסט ככדר און ווערט איינגעבאקען אין יעדען יודישען הארץ.

די ערשטע געלעגענהייט, צו אט דעם גרויסען האס פון שאול'ן אויף דוד'ן, האט געגעבען דער מאמענט ווען דוד האט אויף א העכט וואונדערבארען אופן בעוויזען זיין גרויסע גבורה און צוריקגעשטעלט דעם כבוד פון יודישען פאלק. דאס איז געווען ביי איינע פון די מלחמות, וואס די פלישתים'ער האבען זיך געשטארקט, צו פערפיהרען געגען יודען. ביידע פיינדליכע מחנות, די פלישתים'ער פון איין זייט און די יודישע פון דער צווייטער זייט זענען געשטאנען אין עמק אלה, די פלישתים —

פון דער זייט פון בארג, און די יודען — פון דער זייט פון א צווייטען בארג און דער טאל איז געלעגען צווישען ביידע פאזיציעס.

אין דער זעלבער צייט, איז ארויס פון דער פלישתים׳ער מחנה, איינער פון די בעקאנטעסטע ריזען, גלית וועלכער האט, סיי מיט זיין הויכען וואוקס און פעסטען געבוי, — זעקס איילען הויך, סיי מיט זיין בעוואפנונג און געפאנצערטע בעקליידונג — אינגאנצען אין קופער און אין אייזען געפאנצערט, געווארפען א שרעק אויף אלע וואס האבען איהם געזעהען פון דערווייטענס.

דער דאזיגער גלית פלעגט טאג טעגליך ארויסגעהן פון דער פיינדליכער מחנה און זיך געשטעלט אין טאל, ער האט גערופען צו די יודען און זיי אויפגעפאדערט: צי וואס זאלט איהר דוקא פיהרען א מלחמה צווישען ביידע פיינדליכע מחנות, ביי וועלכע עס וועלען זיכער אומקומען מענשען פון ביידע צדדים, לאמיר בעסער געהען אויף א דועל־קאמף: שטעלט ארויס איינעם וואס זאל זיך מיט מיר שלאגען, און ווער עס וועט איינער דעם צווייטען בעזיעגען, דער פלישתי צו דער יוד, דער זיעגער זאל האבען געברענגט דעם נצחון זיין גאנץ פאלק און דער געגענער זאל זיך איהם מוזען אונטערגעבען. דאביי האט גלית זיך ערלויבט צו רעדען מיט די שארפסטע חירוף וגידוף ווערטער, צו לעסטערען דעם כבוד פון יודישען פאלק און פון יודישען גאט, נאכדעם ווי ער האט געזעהען אז ער רופט טאג טעגליך און קיינער פון דער יודישער מחנה, וואגט נישט מיט איהם אויפצונעהמען קיין דועל־קאמף.

און אזוי האט זיך עס געצויגען א צייט פון פיערציג טעג, ווען גלית פלעגט ארויס אויפ׳ן אפענעם פלאץ, רופען צו א דועל און קיינער האט נישט אבגעענטפערט.

אין דער זעלבער צייט וואס די יודישע מחנה איז מאביליזירט געווארען צו א מלחמה, זענען דוד׳ס דריי עלטערע ברידער: אליאב, אבינדב און שמה, גערופען געווארען אין דער ארמע, און דוד איז בעפרייט געווארען פון שאול׳ן, ווייל ער האט געמוזט זיין אין דער היים, צו בעדיענען און בייהילפיג זיין דעם פאטער ישי, וועמענס זיהן עס זענען אוועק אויפ׳ן מלחמה־פלאץ.

איינמאל האט ישי געשיקט זיין זוהן דוד׳ן אויפ׳ן מלחמה־פלאץ וואו זיינע ברידער האבען זיך געפונען, ער זאל זיי בעזארגען דאס וואס עס איז זיי נויטיג, און דוד האט דארט בייגעוואוינט, די מצענע ווי גלית איז ווידער ארויס אויפ׳ן מלחמה־פלאץ און זיך אוועקגעשטעלט לעסטערען די יודען און זייער גאט, און די יודישע מחנה וואס האט זיך שוין גענומען גרייטען צו א אנגריף אויף דער פלישתים׳ער מחנה,

זוערט דערשראקען פאר די אויפפאדערונג פון אט דעם ריז, און זיי האבען זיך צוריקגעצויגען פון זייערע פאזיציעס צו וועלכע גלית דערנעהנטערט זיך.

דוד הערט ווי אין דער יודישער מחנה רעדט מען צווישען זיך, אז דער וואס וועט ארויסווייזען זיין העלדישקייט זיך צו פערנעהמען אין א געראנגעל מיט אט דעם פלישתי־ריז גלית, דעם וועט דער קעניג שאול בעפרייען פון אלע שטייערען אויף אייביג, ער וועט איהם אויך שענקען פיעל רייכטום, און ער וועט איהם געבען פאר א ווייב דעם קעניג שאול׳ס טאכטער.

פרעגט דוד פערוואונדערט: ווי איז דאס מעגליך, אז א יוד וואס זאל זיין אומשטאנד זיך נוקם צו זיין אין אט דעם פלישתי וואס לעסטערט גאט׳ס נאמען, דאס ער זאל עס נישט טהון צוליעב דער זאך זעלבסט, נור ער זאל פאר זיך זוכען א בעלוינונג פון געלד און כבוד.

האבען איהם די יודען געענטפערט: אמת טאקי, אז פאר דער זאך זעלבסט דארף קיין שום יוד נישט זוכען קיין בעלוינונג, נור יעדער וואס האט די מעגליכקייט איז עס פערפליכטעט צו טהון, זיך נוקם זיין אין אט דעם גלית׳ן; נישט מעהר, דער מלך האט געלאזט אויס־רופען, אז אזא יוד וואס וועט ארויסווייזען דעם העלדענמוט פון נקמה־נעהמען אינ׳ם פלישתי־ריז, דער פערדיענט גלייכצייטיג, בעלוינט צו ווערען פון קעניג, און צו ווערען דעם קעניג׳ס איידעס.

זעהענדיג דעם בעזונדערען אינטערעס וואס דוד האט ארויסגעוויזען צום פלישתי־ריז, האט מען פערשטאנען אז ער טראכט וועגען דעם, זיך צו פערמעסטען מיט גלית׳ן און פערפיהרען מיט איהם א מלחמה. דוד׳ס עלטסטער ברודער, אליאב האט איהם אפילו געפרובט אויס׳מוסר׳ן, פארוואס ער האט זיך דא אבגעשטעלט אויפ׳ן מלחמה־פלאץ, ווי עפעס אויף א אינטערעסאנט געשעהניש, די איבעריגע יודען אבער האבען דוד׳ן צוגעפיהרט צום קעניג שאול.

— קענסטו זיך אינטערנעהמען צו פיהרען מלחמה מיט אט דעם פלישתי־ריז?

— א יוד דארף ביי זיך קיינמאל נישט אראבפאלען! — ענטפערט דוד, מעגליך אז פיזיש איז אט דער ריז פיעל שטארקער פאר מיר, א מענש אבער ציהט מעהר זיין קראפט פונ׳ם גייסט וואס רוהט אין איהם, און דעריבער איז מעגליך אז גאט וועט מיר געבען כוח איהם צו בעזיעגען.

— אבער, ווי וואגסטו זיך צו פערמעסטען אין א מלחמה מיט׳ן פלישתי־ריז, וועלכער איז א קריעג׳ס־מאן פון אייביגע צייטען און דו

ביזט א יונגערמאן? — פרעגט ווייטער שאול דוד׳ן.

— גאט איז שטענדיג געווען מיט מיר, ווען איך האב געפיטערט די שאף פון מיין פאטער! לייבען בערען זענען בעפאלען די שעפסען, און איך האב זיי דערשלאגען און אבגעראטעוועט די שוואכע שעפסעלעך; און אויב איך האב געקענט בייקומען די שטארקע לייבען און בערען, זאל זשע אט דער שפל׳דיגער פלישתי נישט זיין בעסער פאר זיי, בפרט ווען איך קען אויסרעכענען אויף גאט׳ס־הילף, ווייל דער פלישתי־ריז, טהוט כסדר לעסטערען און שענדען גאט׳ס נאמען.

אויב דו ביזט זיכער אין גאט׳ס הילף — זאגט שאול — געה זשע און זיי מצליח.

שאול הייסט דוד׳ן אנטהון שווערע כלי־זיין. און ווען ער זעהט אז דוד האט די זעלבע מאס וואס ער, שאול, איז איהם געקומען א געדאנק אויפ׳ן קאפ, צי פערמעסט זיך נישט דער יונגער דוד צו פערנעהמען פון איהם די מלוכה, דען שאול האט זיך מיט זיין וואוקס אויסגעצייכענט פון אלע יודען, און דא האט דוד די זעלבע מאס וואס ער.

דוד בעמערקט ווי דער קעניג האט אויף איהם א בייז אויג, און ער וויל מעהר נישט אנטהון די קעניגליכע קליידונג און וואפען, נור — זאגט דוד — איך וויל בעסער געהן מיט מיין פאסטוך־כלי־זיין. און דוד נעהמט אין האנד זיין שטעקען, מיט פינף שטיינער וועלכע ער לעגט אריין אין זיינע טאשען — אזוי האט ער זיך דערנעהנטערט צום פלישתי־ריז, גלית.

דער לעצטער דערנעהנטערט זיך ווידער צו דוד׳ן ווען ער דערזעהט אז א יוד האט זיך געוואגט ארויסצוטרעטען געגען איהם. און ווי פערוואונדערט בלייבט גלית, ווען ער זעהט אז דוד טראגט נישט קיין שום וואפען: וואס בין איך א הונד, רופט גלית, דאס דו ביזט מיך געקומען שלאגען מיט שטעקענס? און ער שעלט דוד׳ן מיט זיין גאט.

— פרובֿ נור אהער קומען — רופט ווייטער גלית, וועל איך פון דיר מאכען קרעפעל־פלייש און עס ווארפען פאר די פויגעל אין הימעל־חלל און פאר די בהמות אין פעלד.

— דו קומסט מיט׳ן קראפט פון דיין שווערד — ענטפערט דוד מיט ענוה, — און איך קום מיט׳ן קראפט און אין נאמען פון גאט, וועמען דו האסט דיר ערלויבט צו לעסטערען. דעריבער בין איך זיכער, אז נאך היינטיגען טאג, וועט דיין קאפ זיך געפונען אין מיין האנד און איך וועל איהם ווארפען פאר די פויגעל און די בהמות אין פעלד, אזוי אז אלע זאלען וויסען דאס עס איז פאהראן א גאט וואס נעמט זיך אן פאר יודען.

און אזוי רערענדיג, איז דוד אקעגען געלאפען דעם פלישתי־ריז און מיט א שטיין געציעלט אינ'ם שטערען פון גלית'ן, וועלכער פאלט צו דער ערד. דוד איז ווייטער געלאפען, נאהנט צו גלית'ן און איהם געשלאגען מיט א שטיין, אזוי אז גלית בלייבט טויט אויפ'ן ארט, האטש דוד האט קיין שום וואפען נישט געהאט. שפעטער נעהמט ער גלית'עס אייגענע שווערד, מיט וועלכע ער האט אפגעשניטען דעם קאפ פונ'ם פלישתי־ריז, וועלכער איז שפעטער ארומגעפיהרט געווארען איבער די פערשיעדענע קאנטען אין לאנד, און צום סוף האט מען דעם קאפ פון גלית'ן, געברענגט קיין ירושלים.

נאך אט דעם העלדישען נצחון, וואס דוד האט בעוויזען אין זיין דועל מלחמה מיט'ן פלישתי־ריז גלית, האבען די יודען בעקומען מוט און האבען נאכגעיאגט און פערפאלגט די פיינדליכע מחנה, וועלכע איז אנטלאפען, נאכדעם, ווי זיי זעהען אז זייער ריז איז געפאלען א טויטער אין די הענד פון דוד'ן.

און די יודישע מחנה האט דאן אבגעהאלטען א ענטגילטיגען זיעג איבער די פלישתים'ער.

## ט. דוד ווערט א איידעם פון קעניג שאול.

שאול ווערט אויפמערקזאמער צו דוד'ן. — די אינטריגעס וואס ווילען דוד'ן דערוויטערען פון פאלק. — דער אמת אויף דוד'ס זייט. — דוד פערבלייבט שטענדיג ביי שאול'ן. — דוד'ס ווייטערדיגע נצחונות. — שאול איז זיך מקנא אין דוד'ן און זוכט איהם אומצוברענגען. — דוד ווערט דעם קעניג'ס איידעם, אבער זיין לעבען ווערט נישט זיכערער. — שאול'ס קינדער זענען דוד'ס אמת'ע פריינד און העלפען איהם אנט־לויפען פאר שאול'ן.

דער גרויסער ערפאלג וואס האט בעגלייט דוד'ן, ביי זיין וואונדער־בארען זיעג איבער'ן פלישתי־ריז גלית, וואס עס איז אויך געווען פערבונדען מיט אפענבארע נסים, האט געצויגען אלעמענ'ס אויפמערק־זאמקייט, אויף דעם נייעם יודישען העלד, און זיין נאמען איז נישט אראב פון די לעפצען ביי דער יודישער בעפעלקערונג. א בעזונדערען אינטערעס האט צו איהם יעצט ארויסגעוויזען דער קעניג שאול אליין, וועלכער האט אנגעהויבען אויספארשען און זיך נאכפרעגען גענויער וועגען דוד'ס אבשטאמונג. אין דער ערשטער רייה, האט עס פער־אינטערעסירט שאול'ן נאכדעם, ווי ער האט עפענטליך ערקלערט, צו געבען

זיין טאכטער פאר א ווייב, דעם יעניגען וואס וועט בעזיעגען גלית׳ן, הייסט עס אלזא, אז יעצט דארף דוד ווערען דער איידעם פון קעניג שאול, און דעריבער האט ער געוואלט גענוי זיך בעקענען מיט דוד׳ס פאמיליען־יחוס. אין דער צווייטער רייה, האט איהם נישט אויפגעהערט צו בעאונרוהיגען דער געדאנק, אז מעגליך אט דער דוד זאל עס זיין דער קאנדידאט וואס איז אנגעצייכענט, לויט די אמאליגע ווערטער פון שמואל הנביא, צו פערנעהמען די יודישע מלוכה נאך שאול׳ן. דוד שטאמט פון שבט יהודה, דער בעשטימטער שבט וואס נאך משה רבינו האט פארגעזאגט אז פון איהם וועלען עס שטאמען די מענער וואס וועלען שטענדיג פערנעהמען דעם מלוכה־טראהן ביי יודען. יעצט וויל שאול וויסען פון וועלכען יהודה׳ס זוהן דוד שטאמט, פון פרצ׳ן דער עלטסטער זוהן פון יהודה, צי פון זרח׳ן דער יונגסטער זוהן; אויב פון עלטערען זוהן — שטעהט איהם פאר א מלוכה כבוד, אויב פון יונגערען זוהן — וועט ער נור פערנעהמען א חשוב׳ען אמט.

צווישען די הויפט לייט פון קעניג שאול, האבען זיך געפונען גענוג אזעלכע, וועלכע האבען עס נישט געקענט גלייכגילטיג צו־זעהען, דעם רוהם און כבוד וואס שטעהט פאר דעם יונגען דוד, און זיי האבען אויך געזוכט יעדע געלעגענהייט, צו אינטריגירען דוד׳ן ביים קעניג שאול. די יעצטיגע געלעגענהייט, האט אויך אויסגענוצט דואג האדומי, איינער פון שאול׳ס חשוב׳ע מלוכה־לייט, וועלכער גיעט דעם קעניג אט אזא ענטפער:

— ווען דער קעניג פרעגט זיך צי דוד פאסט פאר דעם קעניג־שטוהל, דארף מען פריהער פעסטשטעלען, צי ער קען אין אלגעמיין קומען און זיך פערבונדען מיט דער יודישער געזעלענשאפט?

— פארוואס?

ווייל ער שטאמט פון דעם מואב־פאלק, וואס עס איז א שטרענגער פערבאט אין דער תורה, אז א יוד טאר זיך נישט מתחתן זיין מיט א מואבי, און דוד׳ס באבע איז געווען די בעוואוסטע מואבין רות (זעה 3־טען באנד ביי שופט אבצן).

— אבער די הלכה זאגט דאך, אז בלויז מיט׳ן מענער געשלעכט פון די מואבים קען א יוד זיך נישט פערבינדען פאמיליאריש, און דוד שטאמט דאך נור פון מואב׳ישען פרויען־געשלעכט וואס עס איז נישט פערבאטען אין דער תורה — אזוי האט ארויסגעזאגט זיין מיינונג, אבנר: שאול׳ס פעטער און הויפט־מאן אין דעם קעניג׳ס־ארמע.

האט שאול גענעבען א שטרענגען בעפעהל, מען זאל פעסטשטעלען די הלכה, ווי זי ווערט געלערענט אין נאמען פון שמואל הנביא, און

עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז אבנר האט געהאט רעכט. דאס איז נישט געווען צו דער האנד, דוד'ס געגענער און פיינד, דואג האדומי, וועלכער האט זיך בעמיהט ארויסצורופען א מהומה, בכדי די זאך זאל נישט אויפגעקלערט ווערען, און עס זאל ווייטער ארומגעהן קלאנגען אויף דוד'ן, אז ער שטאמט פון א פרעמד פאלק וואס קיין יוד טאר זיך נישט מיט איהם מתחתן זיין. האבען זיך אבער אויפ'ן ארט געפונען אזעלכע וואס האבען געוואוסט די הלכה, ווי זי איז במסורה איבער־געגעבען פון שמואל הנביא, מואבי ולא מואבית, אז עס איז נישט פארהאן קיין שום גרונד פון א פאמיליען־פגם אויף דוד המלך, חאטש ער שטאמט פון די מואבית רות, און אויפ'ן ארט איז אויך געווען איינער פון די בעוואוסטע יודישע מענער עמשא, וועלכער האט זיך מיט דער גרעסטער פעסטקייט ארויסגעשטעלט און נישט דער־לאזט צו דער מהומה וואס דואג האדומי האט געוואלט ארייגפיהרען אין די זאך, און עס איז אראבגענומען געווארען פון דוד'ס משפחה, יעדער אומבעגרינדעטער קלאנג.

נאך אט דער געשיכטע, איז דוד אנגעקומען אינ'ם קעניג שאול'ס הויז, וועלכער האט דוד'ן פערהאלטען און איהם נישט געלאזט זיך צוריק אומקעהרען אין זיין פאטער'ס הויז. דארט האט דוד זיך בעפריינדעט מיט שאול'ס קינדער און איז געווארען ווי א אייגענער שטוב־מענש, הויפטזעכליך האט זיך די פריינדשאפט ארויסגעוויזען צווישען יונתן, דעם קעניג שאול'ס זוהן, מיט דוד'ן, וועלכע זענען געווארען נעהנטער צווישען זיך ווי לייבליכע ברידער.

פון יענער צייט אן, האט שאול אויך בעשטימט דוד'ן אלס אנפיהרער פון פערשיעדענע מיליטערישע עקספעדיציעס וואס זענען ארויסגעשיקט געווארען אויף די פיינדליכע חיילות וואס פלעגען אנפאלען אויף די גרענעץ־קאנטען, און דוד האט ארויסגעוויזען אונגעהויערע סטראטעגישע קענטענים, א חוץ דעם וואס די הצלחה האט איהם בעגלייט אויף שריט און טריט, אזוי אז עס איז געשאפען געווארען א פאלק'ס־ליעד: „שאול שלאגט דעם פיינד אין די טויזענדער, און דוד — אין די צעהנער־טויזענדער". דאס לעצטע האט ארויסגערופען שאול'ס פעררדרוס אויף דוד'ן, פארוואס דאס פאלק האט צוגעשריבען דוד'ן מעהר נצחונות ווי איהם, שאול'ן, און פון יענער צייט, האט זיך אין הארץ ביי שאול'ן איינגעגעסען א טיעפער האס צו דוד'ן, וואס עס האט זיך שפעטער ארויסגעוויזען אין א שרעקליכער פארם.

דאס ערשטע מאל, וואס דוד האט דערזעהען שאול'ס שנאה צו איהם, איז געווען בעת עס האט דעם קעניג בעהערשט א אונמוטיגער

גייסט, ווי עס פלעגט איהם אפט טרעפען (זעה אויבען) און דוד האט גענומען שפּיעלען אויף זיין הארפע אום אויפצוהייטערען דעם קעניג. אין דעם זעלבען מאמענט, האט שאול אווארף געטהון זיין שפּיז אין וואנד, וואס האט אויפ'ן וועג פון איהר לויף געזאלט טרעפען דוד'ן און איהם דערשטעכען. דוד האט נישט בעמערקט וואס שאול געהט איהם טהון, ער איז געווען פערטיעפט אין זיין שפּילען, דאך האט ער צופעליג אבגעבויגען דעם קאפּ און א זייט און די שפּיז האט איהם נישט גע־טראפען. האט שאול געזעהען דערין א סימן, אז מען היט דוד'ן פון הימעל, און ער האט נאך מעהר זיך גענומען שרעקען פאר דוד'ן, ער זאל פון איהם נישט אבנעהמען די מלוכה.

האט זיך שאול מיישב געווען און בעשטימט דוד'ן פאר אשטענ־דיגען מיליטער־אנפיהרער, וועלכער מוז זיך כסדר בעטייליגען און אונטערדריקען די פיינדליכע אנפאלען. אזוי ארום האט שאול געשטעלט אין א שטענדיגען געפאהר דוד'ס לעבען, וועלכער קען אין יעדען מאמענט געפונען דעם טויט אין קאמף מיט די פיינדליכע חיילות. דוד איז אבער כסדר מצליח, וואס עס פערשאפט איהם נאך מעהר רוהם, און זיין פאפולאריטעט וואקסט צווישען פאלק, פון טאג צו טאג.

האט שאול געזוכט אנייע עצה, וואו צו ברענגען דוד'ס לעבען אין געפאהר. אזוי ווי ער האט פערשפּראכען צו געבען זיין טאכטער פאר א ווייב, צו דעם וואס וועט בעזיעגען דעם פלישתי־ריז גלית (זעה אויבען) דעריבער וויל ער יעצט זיין צוזאג ערפילען און נעהמען דוד'ן פאר א איידעם, באופן אבער, דאס ער זאל אויף זיך נעהמען די מיסיע, אנצופיהרען מיט די כסדר'דיגע מלחמות געגען די פלישתים'ער. אויף אזא אופן, האט שאול געזוכט צו פערוויקלען דוד'ן אין שטענדיגע מלחמות, אזוי אז זיין לעבען שטעהט אין העכסטען געפאהר, און דאך וועט מען נישט קענען זאגען אז שאול איז דערין שולדיג.

דוד האט ארויסגעוויזען זיין ענוות ביי אט דער געלעגענהייט און געזאגט, אז ער האלט זיך נישט פאר פאסיג צו ווערען דעם קעניג'ס איידעם. דערווייל האט שאול'ס טאכטער מירב, וועגען וועלכער מ'האט גערעדט אז זי זאל ווערען דוד'ס ווייב, חתונה געהאט מיט א געוויסען עדריאל. האט שאול אונטערגעשיקט מענשען צו דוד'ן, ער זאל זיך לאזען איבררעדען און נעהמען פאר א ווייב די צווייטע טאכטער פון קעניג, מיכל, דאביי האבען זיי איהם ערקלערט, אז דער קעניג פערלאנגט נישט פון דוד'ן קיין שום נדן, נור ער זאל בעווייזען א העלדענטהאט אין דער מלחמה, און איהם צושטעלען 100 שטיקער פון 100 דער'הרג'עטע פלישתים'ער.

עס האט לאנג נישט געדויערט, און דוד האט צוגעשטעלט, נישט 100 נור 200 שטיקער פון אזוי־פיעל פלישתים'ער וואס ער האט אין א אנפאל אויף זיי גע'הרג'עט, און דוד ווערט דער איידעם פון שאול'ן, און דער מאן פון קעניג'ס טאכטער, מיכל.

דורכ'ן נעמען דוד'ן פאר א איידעם, האט שאול אויך געהאט א כונה צו האבען איהם נעהנטער ביי זיך אין הויז, וואס עס וועט איהם אויך מעגליך געבען א געלעגענהייט, דוד'ן אומצוברענגען. האט זיך אבער די זאך אויסגעפיהרט אנדערש: שאול'ס קינדער און גאנץ בע־זונדער יונהן דעם קעניג'ס זוהן, און מיכל שאול'ס טאכטער און דוד'ס ווייב, זיי זענען געווארען אזוי צוגעבונדען צו דוד'ן, דאס ווען זיין לעבען איז געשטאנען אין געפאהר פון שאול'ס זייט, האבען זיי שטענדיג געערעדט אויף דוד'ן גוטס, און ווען קיין אנדער עצה איז נישט געווען, האבען זיי אליין מיטגעהאלפען דוד'ן אנטלויפען פאר שאול'ן.

שאול'ס שנאה צו דוד'ן איז נישט געווען שטענדיג קיין גלייכע, דען מאכענטענווייז, האט ער צוגעשוואוירען זיין זוהן יונתן, דאס ער וועט מעהר דוד'ן קיין שלעכטס נישט טהון, אבער ווען עס האט שאול'ן בעהערשט א אונמוטיגער גייסט האט ווידער געטראפען דער פאקט, אז שאול האט געווארפען זיין שפיז מיט'ן צוועק צו טרעפען דוד'ן. איינ־מאל האט שאול געשיקט זיינע מענשען צו בעלאגערען דוד'ס הויז, און איהם ברענגען צו זיך. מיכל דוד'ס ווייב, דערוויסט זיך פון איהר פאטער'ס געהיימען בעפעהל, און זי האט דוד'ן ארויסגעלאזט דורך א פענסטער וואס איז בעגאנגען אין א צווייטער גאס, און דוד'ן געלונגט צו אנטלויפען אונבעמערקט פון שאול'ס מענשען וואס האבען איהם אבגעווארט ביים איינגאנג אין הויז. ווען שאול מאכט א פארוואורף זיין טאכטער, אז זי האט מיטגעהאלפען דוד'ן, דעם שונא פון איהר פאטער, אנטלויפען פון זיין האנד, זאגט מיכל א תירוץ, דאס דוד האט זי געדראהט, אויב זי וועט איהם שטערען.

דוד איז אנטלאפען צו שמואל הנביא קיין רמה, און שאול האט עטליכע מאל אהינגעשיקט זיינע שלוחים צו ברענגען דוד'ן.

די אלע שלוחים ווערען אבער בעגייסטערט פון שמואל'ס נבואה און האבען זיך מעהר נישט אומגעקעהרט צו שאול'ן.

יונתן, שאול'ס זוהן, וועלכער איז געווען בעפריינדעט מיט דוד'ן אין א אומבעגרענצטער פארם און מאס, איהם איז געווען א שטארקער פערדרוס, זיך צו מוזען שיידען מיט דוד'ן, מיט וועמען ער טרעפט זיך אויף א געהיימען ארט, און יונתן פרובט דוד'ן איבערצייגען אז שאול האט נישט קיין איינגעווארצעלטע שנאה אויף דוד'ן, נור אז דאס איז

א קאנסעקווענץ פון זיין אונמוטיגען גייסט, וואס בעהערשט דעם קעניג שאול אין געוויסע מאמענטען. ער, יונתן האפט דעריבער, אז מען וועט נאך קענען שאול'ן אויסריידען זיין האס, און אז דוד וועט זיך נאך קענען אומקעהרען אין שאול'ס הויז און פאלאץ.

עס איז דעריבער בעשלאסען געווארען צווישען זיי, אז יונתן זאל פערפיהרען א שמועס מיט שאול'ן, און זיך איבערצייגען צי עס דראהט נישט א געפאהר פאר דוד'ס לעבען, ווען ער וועט זיך אומקעהרען צו שאול'ן. ווען יונתן איבערצייגט זיך אבער, אז דוד האט רעכט, האבען זיי זיך ביידע נאך אמאל געטראפען אויף דעם אבגעשמועסטען ארט, וואו זיי האבען זיך געשוואוירען אייביגע טרייהייט, צו זיך און צו זייערע קינדער, און פון יענער צייט אן, האט דוד אנגעהויבען וואנדערען פון ארט צו ארט און זיך אויסבעהאלטען פאר'ן קעניג שאול, וועלכער האט דוד'ן כסדר פערפאלגט.

# י. דער חורבן פון משכן אין נוב.

דוד'ס אנקומען קיין נוב און זיין אויפנאהמע ביים כהן־גדול. — דואג מסר'ט פאר שאול'ן די כהנים אלס פאררעטער פון קעניג. — דער גרויזאמער מארד איבער די כהנים און די שטאדט-לייט פון נוב. — דאס משכן ווערט איבערגעטראגען טייל־ווייז קיין גבעון. — אביתר הכהן מיט'ן אורים ותומים פעראייניגט זיך מיט דוד'ן. — ווי דוד ווערט געראטעוועט פון די פלישתים'ער. — דוד'ס מחנה מיט איהרע העלדישע פיהרער.

זיין ערשטער וועג, וואו דוד האט זיך גענומען ביים אנטלויפען און זיך אויסבעהאלטען פונ'ם קעניג שאול, איז געווען אין דער ריכטונג פון נוב, דער פלאץ וואו עס האט זיך געפונען דער ארון און די רעשט משכן נאכ'ן חורבן פון שילה (זעה 3 באנד). דארט, האט דער כהן־גדול אחימלך אויפגענומען דוד'ן, ווי עס פאסט פאר'ן קעניג'ס איידעם און ערשטען הויפט־מאן פון יודישען פאלק. אחימלך פרעגט דוד'ן פער־וואונדערט, פארוואס ער געהט אין וועג איינער אליין אהן שום בעגלייטער, און דוד זאגט איהם אז ער האט א געהיימען אויפטראג דורכצופיהרען, דעריבער דארף קיינער נישט וויסען אז דוד איז געווען אין נוב; און ווייל זיין שליחות איז געווען אייליג, דעריבער האט ער גארנישט בענומען מיט זיך. אחימלך גיט דוד'ן ברויט פון לחם־הפנים און די שווערד פונ'ם פלישתי־ריז ג ל י ת, וועמען דוד האט בעזיעגט און וועלכע איז אוועקגעלעגט געווארען אין נוב, צום אייביגען אנדענקען פון אט דעם וואונדערבארען נצחון.

דאס געשפרעך צווישען אחימלך׳ן מיט דוד׳ן האט אונטערגעהערט דואג האדומי, איינער פון שאול׳ס הויפט־לייט וועלכער איז אין יענעם מאמענט גראדע געווען אין נוב. ער האט עס שפעטער דערצעהלט שאול׳ן אז דוד איז אויפ׳ן וועג פון זיין אנטלויפען געווען אין נוב, און אז אחימלך האט איהם בעזארגט מיט ברויט און וואפען. דואג האט איבער־געגעבען די געשיכטע אויף אזא אופן, אז עס האט ארויסגערופען א פערדאכט ביי שאול׳ן אויף אחימלך, אז דער לעצטער שטעהט אין פערבינדונג מיט דוד׳ן, און אז אויך אחימלך איז עפעס פערמישט אין א פערשווערונג וואס איז געפלאנט פון דוד׳ן געגען שאול׳ן. דער קעניג שיקט רופען אחימלך׳ן, וועלכער פערענטפערט זיך, אז ער ווייסט נישט פון קיין שום זאך, אז ער האט געהאט דעם גרעסטען צוטרוי צו דוד׳ן ווי צום קעניג׳ס נאהנטען פערטרויאונגס־מאן און איידעם.

שאול האט נישט אנגענומען קיין שום פערענטפערונג, נור ער בעפעהלט שטרענג צו לאזען אויספיהרען א טויט־אורטייל אויף אחימלך׳ן. קיינער אבער האט נישט געוואגט צו דערהויבען א האנד אויפ׳ן כהן־גדול, איהם צו הרג׳ענען, ביז שאול זאגט צו דואג׳ן: אויב דו האסט עס אליין געזעהן און דו ווייסט זיכער אז אחימלך איז שולדיג און אז ער איז א פעררעטער פון קעניג, דאן דארפסטו דער ערשטער אויפהויבען דיין האנד און אויספיהרען דעם טויט־אורטייל אויף דעם כהן־גדול.

און דואג האט זיך געלאזט מיט דער גרעסטער אכזריות, נישט בלויז אויף אחימלך׳ן אליין, נור אויף דער גאנצער שטאט נוב, און די כהנים וואס זענען דארט געווען, — פינף־אכציג כהנים, האט דואג אומגעבראכט און די גאנצע שטאט נוב האט דואג חרוב געמאכט, קיינער איז נישט ארויס קיין לעבעדיגער; געראטעוועט זיך, האט בלויז איינער פון אחימלך׳ס זיהן, אביתר, וועלכער איז אנטלאפען מיט׳ן אורים ותומים און ער האט אויפגעזוכט דוד׳ן ווען ער דערצעהלט אלץ וואס דואג האט אבגעטהון מיט דער הייליגער שטאט נוב.

דוד פערענטפערט זיך פאר אביתר׳ן, אז ער פיהלט זיך שולדיג אינ׳ם דאזיגען אומגליק, דען ער האט געדארפט איבערערכענען, דאן ווען ער האט געזעהען דואג׳ן אין נוב, אז יענער וועט אבטראגען א מסירה צום קעניג שאול. ער בעט דעריבער אביתר׳ן, מיטצוגעהן מיט איהם, און ער פערזיכערט איהם מיט א שבועה, צו היטען אביתר׳ס לעבען, פונקט ווי זיין אייגען לעבען.

נאכ׳ן חורבן פון דער הייליגער שטאדט נוב, האט שאול געלאזט אויסבויען א גרויסע במה אין גבעון, וואו דאס פאלק האט געבראכט זייערע קרבנות, און דארט האט מען אויך אריינגעבראכט די הייליגקייטען

פונ׳ם משכן וואס זענען פערבליבען אין נוב. דער אורים ותומים אבער איז געווען אין דוד׳ס מחנה, וואו עס האט זיך אויך געפונען דער כהן אביתר.

זעהענדיג דאס געפאהר וואס דראהט איהם פון שאול׳ן, האט דוד בעשלאסען אינגאנצען צו פערלאזען די גרענעצען פון ארץ ישראל און ער איז אנגעקומען אין דער שטאט גת, וואס ליגט ביי דער גרענעץ פון פלישתים, ביים בארטען פון מיטעללענדישען ים. דארט אין גת, האבען געוואוינט די ברידער פון גלית׳ן, דער פלישתי־ריז וואס דוד האט גע׳הרג׳עט, און זיי זאגען צום קעניג אכיש, אט איז ער — דוד וועלכער האט גע׳הרג׳עט אונזער ברודער, לאז איהם טויטען, ווי ער האט געטויט גלית׳ן.

ענטפערט אכיש: ער האט איהם דאך געטויט אין א מלחמה, אוןביידע האבען זיך פערוואטען זוער ווען וועט בייקומען.

— אויב אזוי ענטפערען גלית׳עס ברידער — נעהם און טרעט איהם אב דעם קעניג׳ס־שטוהל; אזוי האבען זיי דאך אבגעמאכט, אויב דוד נעהמט איין, דארפען אלע פלישתים ווערען זייערע קנעכט.

ווי דוד האט געזעהן אז אכיש וויל זיי פאלגען, האט ער זיך גענומען מאכען משוגע און געשריבען מיט קרייד אויף די טהירען: אכיש איז מיר שולדיג הונדערט גילדען, און זיין פרוי — פינפציג.

אכיש׳ס פרוי מיט דער טאכטער זענען אויך געווען משוגע, האט זיך דוד משוגע געמאכט פון דרויסען און זיי פון אינווענינ, פון זיי אלעמען איז אכיש אליין אויך שיעור נישט משוגע געווארען — און האט בעפוילען באלד דורכטרייבען דוד׳ן, — און אזוי איז דוד פון טויט געראטעוועט געווארען.

פון אכיש׳ן איז דוד אוועק און זיך אויסבעהאלטען אין א הייל, אין עדולם, דארט האבען זיך מיט דוד׳ן פעראייניגט זיינע ברידער און פאמיליען־לייט, וועלכע האבען אויך מורא געהאט פאר׳ן קעניג שאול ער זאל זיך אין זיי נישט נוקם זיין פאר׳ן האס וואס ער טראגט אויף דוד׳ן. מיט איהם האבען זיך אויך פעראייניגט א רייה מענשען, פיעל העלדען פון לאנד וואס עס האט זיי געקרענקט דוד׳ס נישט פערדיענטע צרות, זיי זענען צו איהם געקומען זיך טיילען מיט דוד׳ן צוזאמען אין זיין נויט. א סך זענען געקומען ווייל זיי האבען אויך געהאט א האס אויף שאול׳ן, און אנדערע זענען געקומען וועלכע האבען געזוכט צו פעראייניגען זיך מיט דוד׳ן און גענוסען פון זיין חברותא צודערהויבען זייער גייסט. דאן האט דוד צונויפגעשטעלט א מחנה פון עטליכע הונדערט מאן אויסגעצייכענטע העלדען,

מיט וועלכע ער האט ארומגעוואנדערט די גרענעץ־געגענטען פון ארץ־ישראל. זיין פאטער און מוטער האט ער מיט זיך נישט געוואלט פיהרען, צוליעב זייער עלטער וואס האט זיי געשטערט צו פיהרען א וואנדער לעבען, און דוד האט זיך געווענדעט צום קעניג פון מואב, ער זאל לאזען רוהיג וואוינען אין זיין שטאדט מצפה, דוד׳ס עלטערען, ביז ער וועט זיך דערשלאגען צו א מנוחה׳דיג לעבען.

פון זיין בעהעלטעניש אין דער הייל האט דוד זיין הארציגע תפילה דערהויבען צו גאט:

„דו גאט, וויסט דאך יא מיינע וועגען, אז איך טראכט נישט, ווען עס איז, שלעכט׳ס צו טהון, און דאך האט מען פון אלע זייטען פאר מיר אויסגעשפרייט א נעץ: זעה: אויף רעכט׳ס און לינקס האב איך נישט קיין פריינד וואס זאל פאר מיר א גוט ווארט רעדען, איך האב נישט וואו צו ווענדען זיך נאך הילף, נור צו דיר גאט, וואס דו קענסט מיך שיצען און געבען א רוהיג ארט אין דער לעבעדיגער וועלט; פערנעהם זשע מיין געבעט וואס איז פעראייניגט אין מיינע געזאנגען, דען איך בין זעהר פעראריםט און דערנידריגט; בעשיץ מיך פון מיינע פיינד וועלכע זיינען שטארקער פאר מיר; בעפריי מיך פון איינגע־שלאסענהייט, איך זאל קענען עפענטליך דיין נאמען לויבען, און דערפון וועלען זיך אויך ארויסנעהמען א לעהרע אלע צדיקים וואס וועלען זעהען ווי מ׳דארף דיר כבוד אבגעבען” (תהלים קמ״ב).

און גאט האט פערנומען דוד׳ס תפילות, און עס האבען זיך ארום איהם פערזאמעלט א אנגעזעהענע מחנה. א חוץ די העלדען וואס זענען צו איהם געקומען, און בעשלאסען מיטצוהעלפען דוד׳ן אין זיינע מלחמות ווען זיינע פיינד וועלען אויף איהם אנפאלען, האט זיך מיט דוד׳ן אויך פעראייניגט דער נביא גד, וועלכער איז געווען איינער פון די חשוב׳סטע תלמידים ביי שמואל הנביא. דוד האט נישט אזוי לייכט אויפגענומען קיין מענשען וואס זענען צו איהם געקומען, אוים מורא פילייכט קומט איהם יענער אויסשפיאנירען אין זיינע פערבארגענסטע ערטער, איהם ארויסגעבען און צו־וויסען טהון שאול׳ן וועלכער זוכט דוד׳ן און וויל איהם כאפען. ערשט ווען דוד איבערצייגט זיך אין איינעמ׳ס איבערגעגעבענ־הייט און טרייהייט, פעראייניגט ער איהם מיט זיין מחנה.

---

## יא. שאול׳ס פערפאָלגונגען געגען דוד׳ן.

דוד׳ס מחנה העלפט די יודען אביאגען די אנפאלענדע פלישתים׳ער. — שאול יאגט זיך נאך דוד׳ס מחנה אבער אהן ערפאלג. — יונתן זעהט זיך מיט דוד׳ן אין געהיים. — די ניסים וואס בעגלייטען כסדר דוד׳ן. — שאול פאלט אריין צו דוד׳ן אין האנד, וועלכער שוינט אבער דעם קעניג. — שאול ווערט געריהרט פון דוד׳ס רחמנות׳דיגע האנדלונג געגען איהם. — דוד׳ס שבועה אז ער וועט שאול׳ס קינדער קיין שלעכטס נישט טהון.

דוד׳ס מחנה פערלאזט די גרענעצען פון מואב, און איז צוריקגעקומען אין לאנד יהודה, אויפן נבואה־בעפעהל פון גד׳ן, און זיי בעזעצען זיך אין א וואלד (חרת). דערוויייל האט דוד זיך דערוויסט אז די פלישתים׳ער האבען געמאכט א אנפאל אויף דער יודישער גרענעץ־שטאדט קעילה, און אז זיי ברענגען די תבואה שייערס. דוד האט אויפגעפאדערט זיינע מענשען, צו געהן העלפען די קעילה־לייט. דוד׳ס מענשען האבען אבער געפרובט זאגען דוד׳ן, אז אזוי ווי זיי זענען נישט זיכער מיט דער אייגענער לאגע, זאלען זיי זיך נאך אריינלאזען אין א מלחמה? ערשט ווען דוד זאגט זיי, אז ער האט שוין צוויי מאל געפרעגט אין הימעל דורך רוח־הקודש, און אז עס איז גאט׳ס רצון, זיי זאלען געהן העלפען די קעילה־לייט, האבען זיינע נאהנטע צוטרוי צו דוד׳ן, וועלכער קומט מיט זיין מחנה קיין קעילה און האט אבגעהאלטען א שטארקען זיעג איבער די פלישתים׳ער און בעפרייט די איינוואוינער פון קעילה, פונ׳ם אנפאל פון זייערע פיינד.

דוד׳ס אנקומען קיין קעילה, האט געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון קעניג שאול, וועלכער האט אויסגעארבייט א פלאן צו כאפען דוד׳ן, ער וועט בעלאגערען די שטאדט ביז זיי וועלען ארויסגעבען דוד׳ן. און, וועלענדיג מאביליזירען א גרויסע ארמעע, האט ער ארויסגערופען צווישען פאלק דאס ער גרייט זיך אויף א מלחמה, אהן שום אנווייזונג געגען וועמען די מלחמה איז געווענדעט אזוי, אז דאס פאלק מיינט, אז שאול געהט אויף א מלחמה געגען די פלישתים׳ער.

און דוד האט געמאכט א אנפראגע אין אורים ותומים, ווען ער דערוויסט זיך פון שאול׳ס פלענער, צי זאל ער האבען צוטרוי צו די

קעילה־לייט, און צי וועלען זיי איהם ארויסגעבען שאול׳ן? און עס איז געקומען דער ענטפער אין אורים־ותומים, אז דוד זאל קיין צוטרוי נישט האבען צו די קעילה־לייט, דעריבער איז דוד אנטלאפען. און שאול זעהט ווי דוד האט זיך ארויסגעדרעהט, האט ער אויך אבגעשטעלט זיין פלאן צו געהן אויף קעילה. דערווייל האט דוד׳ס מחנה געוואנדערט אין דער מדבר און אויף די בערג, און שאול שיקט זיי כסדר זוכען, נור מען טרעפט זיי נישט. יונתן אבער, ער האט יא געוואוסט דאס ארט וואו דוד׳ס מחנה געפונט זיך, און ער האט אין זיך נישט געקאנט איינהאלטען די איינגעבאקענע פריינדליכקייט צו דוד׳ן און ער איז אראבגעקומען זיך זעהען מיט דוד׳ן וועמען ער האט צוגעגעבען מוט, אז ער זאל זיך נישט שרעקען פאר זיין פאטער שאול, ווייל אויף שריט און טריט זעהט מען וואו די הצלחה פון הימעל בעגלייט דוד׳ן, און נאכדעם ווי זיי האבען צווישען זיך פערפעסטיגט די אלטע פריינדשאפט, איז יונתן צוריק אוועק אויף זיין פלאץ.

און עס זענען געקומען שלוחים פון זיף, וועלכע האבען געזאגט שאול׳ן אז דוד בעהאלט זיך אין יענעם געגענד. שאול האט זיי געדאנקט פאר זייער טרייהייט און ער האט זיי געבעטען אויסשפיאנירען די געהיימע ערטער וואו דוד האט זיך אנגעגרייט אויסצובעהאלטען, בכדי זיין צוג צו פערנעהמען דוד׳ן זאל נישט זיין אומזיסט.

דוד האט זיך דערוויסט אז מען האט איהם אויסגעגעבען פאר׳ן קעניג שאול, און ער איז אוועק פון יענעם ארט. דערווייל איז שאול ארויס מיט א מחנה יאגען דוד׳ן, און זיי האבען זיך אזוי געיאגט ארום א בארג, פון איין זייט זענען געגאנגען דוד׳ס מחנות און פון דער צווייטער זייט שאול׳ס מחנות. צום גליק אבער פון דוד׳ן, איז אנגעקומען א שליח און דערצעהלט שאול׳ן אז די פלישתים׳ער זענען אריבער די גרענעץ און זיך אויסגעשפרייט אויפ׳ן לאנד, צוליעב וועלכען שאול האט געמוזט אבשטעלען זיין עקספעדיציע געגען דוד׳ן.

דוד האט דערווייל געענדערט זיין וואוין־ארט, און איז אוועק קיין עין־גדי. שאול אבער האט נישט אויפגעגעבען זיין פלאן צו פערפאלגען דוד׳ן, און ווי נור ער פערענדיגט זיין מיליטער־קאמפאניע געגען די פלישתים׳ער, איז ער אוועק מיט א מחנה פון דריי טויזענד מאן, אויפצוזוכען דוד׳ן צווישען די בערג. אויפ׳ן וועג איז געווען א הייל וואו דוד איז געווען בעהאלטען און שאול׳ס מענשען האבען דערפון נישט געוואוסט. דען, ווי נור דוד מיט זיינע לייט זענען אריינגעקומען אין דער הייל, האט גאט צוגעשיקט א שפין און זי האט פערצויגען איהר שפינוועבס איבער׳ן אריינגאנג אין הייל.

באלד איז שאול געקומען און געזהען ווי די הייל איז פערוועכט, טראכט ער זיך, ווען דוד וואלט געווען אריין אין הייל, וואלט ער דאך דורכקריכענדיג צוריסען דאס שפינוועבס, געווים איז דארט קיינער נישטא.

דערווייל איז אבער שאול אליין אריין אין הייל, צו זיינע בעדערפעניסען, וואס ער האט זיך דערווייטערט פון מענשען, און דוד'ס לייט זיצען אין דער זעלבער הייל.

זיי האבען אנגעהויבען צו־רעדען דוד'ן, ער זאל אין דער שטיל לאזען אומברענגען שאול'ן. דוד אבער פערטיידיגט דעם קעניג און זאגט, אז ער וועט קיין האנד נישט אויפהויבען צו טהון שלעכטס דעם קעניג וואס איז אויף גאט'ס בעפעהל געזאלבט געווארען פאר א מלך ביי יודען. נור דער זוים פון שאול'ס מלבוש, האט דוד אבגעשניטען ווען ער האט זיך דערנעהנטערט צו שאול'ן אונבעמערקט.

ווען שאול האט פערלאזט די הייל, איז דוד נאך איהם ארוים און גערופען שאול'ן, וועלכער דרעהט זיך אום און דערזעהט דוד'ן.

— פארוואס לאזט זיך דער קעניג איינרעדען — רופט דוד — אויף מיר שלעכטס, בעת איך האב א בעוויז אויף מיין טרייהייט, דען ווען דער קעניג איז געווען אין מיין האנד האב איך איהם אויך קיין שלעכטס נישט געטהון. דאביי האט דוד איהם בעוויזען, דעם זוים פון שאול'ס קלייד וואס איז געווען אין דוד'ס האנד, א סימן אז דוד האט איהם געקענט הרג'ענען אונבעמערקט פון קיינעם.

שאול איז געווארען שטארק גערירט פון דוד'ס ווערטער, און ער האט איהם צוגעגעבען רעכט, דאביי האט ער איהם אויך געזאגט, אז ער ווייס שוין יעצט אויף זיכער, דאס דוד וועט איבערנעהמען די מלוכה, ווייל שמואל הנביא האט איהם געגעבען אזא סימן, אז דער מאן וואס וועט ביי איהם אבשניידען דעם זוים פון זיין קלייד וועט נאך איהם פערנעהמען די מלוכה, דעריבער בעט שאול ביי דוד'ן, דאס ער זאל זיך נישט נוקם זיין אין שאול'ס קינדער, און אז ער וועט זיי נישט פערניכטען.

דוד האט עם איהם צוגעשווארען, נאך וועלכען שאול איז צוריק אוועק אין זיין רעזידענץ־שטאדט, און דוד מיט זיין מחנה זענען ווידער אוועק אויף זייער פריהערדיגען פלאץ.

---

## יב. די לעצטע חדשים פון שאול׳ס מלוכה.

שמואל הנביא׳ס פטירה און דער טרויער נאך איהם. — די עפענטליכ-קייט דערוויסט זיך אז דוד איז געזאלבט געווארען פאר׳ן נאכקומענדען יודישען מלך. — שאול׳ס נייע פערפאלגונג געגען דוד׳ן. — דוד׳ס גרויסער מוט, ווען ער קען דער׳הרג׳ענן שאול׳ן און טהוט איהם גארנישט. — דאס געשפרעך צווישען שאול׳ן מיט דוד׳ן. — דוד איז אוועק צום קעניג פון גת, אכיש. — ווי דוד האט זיך ארויסגעדרעהט פון צו בעטייליגען זיך אין אכיש׳ס ארמע וואס געהט אויף א מלחמה געגען יודען. — דוד׳ס זיעגרייכע מלחמה געגען די עמלקים וואס זענען בעפאלען זיין וואוין-שטאדט צקלג.

די גאנצע צייט וואס שמואל הנביא האט געלעבט, איז עס געבליבען א געהיימניס (סוד) פאר די ברייטערע יודישע מאסען און אויך פאר׳ן קעניג שאול זעלבסט, דאס וואס דוד איז געזאלבט געווארען דורך שמואל הנביא, אויף גאט׳ס בעפעהל, צו פערנעהמען אויף שטענדיג, ער מיט זיינע קינדער, די מלוכה ביי יודען, — נור געצעהלטע מענשען האבען דערפון געוואוסט. ערשט פאר די פטירה פון שמואל הנביא, האט מען עס זיך דערוויסט, וואס עס האט אויפסניי דערוועקט א קנאה-געפיהל ביי שאול׳ן וועלכער האט ווידער געפראובט דוד׳ן צו פערפאלגען. שמואל׳ס טויט האט ארויסגערופן א שטארקען טרויער ביי יודען, וועלכע האבען זיך פערזאמעלט פון אלע עקען לאנד און איהם בעוויינט אין רמה, וואו זיין קבר געפונט זיך.

דוד אבער, האט נישט אבגעווארט ביז נאכ׳ן טרויער, ווייל ער האט עס אויסגערעכענט, אז יעצט נאך שמואל׳ס טויט, וועט שאול בעניייען די פערפאלגונג געגען איהם, און ער איז אוועק אין דער מדבר פארן. אויפ׳ן וועג איז איהם אויסגעקומען צו האבען א קאנפליקט מיט איינעם פון די רייכע לייט אין יענעם קאנט. נבל, צו וועלכען דוד האט געשיקט זיינע מענשען איהם בעגריסען און דאביי זאלען זיי איהם אויך בעטען, ער זאל געדענקען אין דוד׳ס מענשען, וועלכע עס איז אויס-געקומען צו זיין שטענדיג ביי נבל׳ס גיטער, און זיי האבען איהם שטענדיג אבגעהיטען פון פרעמדע אנפאלען. נבל האט זיך אבער שטארק צולאזט און געשענדעט דעם נאמען פון דוד׳ן, וואס עס האט איהם

שטארק דערצערענט, דען יעצט ווען עס איז שוין בעקאנט, אז דוד איז געזאלבט געווארען פון שמואל הנביא, אלס דער קומענדער יודישער מלך, האט דאך נבל זיך בעדארפט בעציהען מיט דרך ארץ צו דוד'ן. אביגיל, נבל'ס פרוי, זי אין געווען לייטישער פאר איהר מאן און זיך אויסגעצייכענט מיט חכמה און מדות. דערוויסענדיג זיך וועגען דעם, אז איהר מאן האט דוד'ן בעליידיגט, איז זי איז אוועק מיט איהרע נאהנטע מענשען צו דוד'ן און איהם איבערגעבעטען.

עס האט געדויערט בסך הכל צעהן טאג און נבל איז פלוצלונג געשטארבען, וואס עס איז געווען א שטראף פון הימעל פאר זיין בעליידיגען דוד'ן.

נאך נבל'ס טויט, האט דוד חתונה געהאט מיט דער פרוי אביגיל, א חוץ א צווייטע פרוי וואס דוד האט געהאט, מיט'ן נאמען אחינועם.

דאס וואס דוד האט זיך כסדר דערווייטערט פון שאול'ס איינפלוס, אזוי אז ער האט אויך חתונה געהאט מיט א צווייט און א דריט ווייב, נישט קוקענדיג וואס ער איז דעם קעניג שאול'ס איידעם, דאס האט אויפסניי ארויסגערופען ביי שאול'ן א כעס אויף דוד'ן, אזוי אז דער קעניג נעהמט אן מיטלען, אז זיין טאכטער מיכל דוד'ס ווייב זאל קענען חתונה האבען מיט א צווייטען מאן. דוד האט זיך דערוויסט פונ'ם קעניג'ס פרישען כעס, און ער האט זיין מחנה איבערגערוקט אין א ניי ארט, אין גבעת־חבילה, וואו עס האבען זיך אבער געפונען בענשען וואס האבען דוד'ן אויסגעגעבען פאר'ן קעניג און דערצעהלט פאר שאול'ן, וואו דוד בעהאלט זיך. שאול נעהמט א מחנה פון דריי טויזענד מאן און לאזט זיך אוועק צום ארט וואו דוד געפינט זיך.

אויפ'ן וועג, האט זיך שאול'ס מחנה אוועקגעזעצט אויסרוהען, און פון מידקייט זענען זיי אלע אייגעשלאפען. דערווייל, האט דוד ארויסגעשיקט שפיאנען צו דערוויסען זיך דאס ארט וואו שאול'ס מחנה געפונט זיך. און ווען עס איז צו געפאלען די נאכט, איז דוד אליין אין דער בעגלייטונג פון זיין קריעג'ס העלד אבישי, אראבגעקומען צום ארט, וואו שאול און אלע זיינע ארומיגע זענען איינגעשלאפען. אבישי האט גענומען איינטענה'ן מיט דוד'ן, אז יעצט איז א גוטע געלעגענהייט, צו ערמארדען שאול'ן, און דוד זאל איינמאל פאר אלע מאל פטור ווערען פונ'ם וואנדער־לעבען צו וועלכען עס צווינגט איהם שאול'ס פערפאלגונגען. דוד אבער, האלט זיך ביי דאס זייניגע אז קיין שום יוד און מענש, קען זיך נישט ערלויבען אויפצוהויבען א האנד און שלעכטס טהון דעם מלך וואס איז געזאלבט געווארען אויף גאט'ס בעפעהל.

דאך האבען זיי זיך שטיל דערנעהנטערט צום ארט, וואו שאול

איז געשלאפען. דארט איז געווען א קליינער לאגער, וואס שאול איז געשלאפען אין מיטען. אלע שאול׳ס גבורים שלאפען אין א ראד ארום איהם, און אבנר, דער עלטסטער הויפט־מאן פון קעניג, ליגט ביים אריינגאנג מיט אויפגעשטעלטע פים. איז דוד דורכגעקראכען צווישען אבנר׳ס קניע און צוגענומען דעם קעניג׳ס שפיז און דאס קריגעל וואסער פון שאול׳ס צוקאפען און געלאזט זיך געהן צוריק. דערווייל האט אבנר אויסגעצויגען די פים און דוד׳ן צוגעדריקט, ווי מיט א פאר שווערע באלקען. איז געקומען א פליג און אבנר׳ן א בים געטהון אין טריט, האט ער די פים ווידער אויפגעצוגען, און דוד איז ארוים פון אונטער זיינע קניע, און ער האט גאט געדאנקט פאר זיינע טרייע בעשעפענישען, דורך וועלכע ער שיקט א הילף די מענשען אין זייערע נויט־פאלען.

ווען דוד דערווייטערט זיך פונ׳ם ארט, וואו שאול מיט זיינע גבורים זענען געשלאפען, האט ער אויף א קול גערופען אבנר׳ן, און איהם פארגעווארפען, ווי אזוי ער היט דעם קעניג, אז מען האט אין דער שטיל זיך געקענט דערנעהנטערען צום ארט וואו דער קעניג שלאפט, און דער מלך׳ם לעבען איז אויך געווען אין געפאהר. דאביי האט זיי דוד אנגעוויזען אויפ׳ן שפיז און קריגעל וואסער וואס ער האט גענומען פון צוקאפענס דעם קעניג.

דא האט זיך שוין אנגערופען דער קעניג אליין און געזאגט:

— דאס איז דיין שטימע מיין קינד דוד?

— יא! — ענטפערט דוד. און פארוואס לאזט זיך דער קעניג איבערערעדען און מיך פערפאלגען, אין דער צייט וואס איך טראכט וועגען איהם נישט קיין שום שלעכטם?

שאול ענטשולדיגט זיך פאר דוד׳ן, און ער זאגט איהם, אז דוד דארף נישט פערלאזען דאס לאנד, ווייל ער וועט איהם מעהר קיין שלעכט׳ם נישט טהון.

דוד אבער האט ניט קיין צוטרוי צו שאול׳ס הבטחה, און ער בעשליסט ווייטער צו וואנדערען, נור ער לאזט איבער אויף א ארט דעם קעניג׳ס שפיז, אז עס זאל קומען איינער פון שאול׳ס דינער און עס איבערנעהמען. אט אזוי זענען זיך פונאנדערגעגאנגען שאול מיט דוד׳ן אין יענעם מאמענט.

און דוד האט איינגעזעהן אז כל זמן שאול וועט לעבען, איז ער נישט זיכער אין זיין היים־לאנד, דעריבער בעשליסט דוד צו פערלאזען די גרענעצען פון לאנד, און ער מיט זיין מחנה האבען איינגעוואנדערט, קיין גת צום קעניג אכיש, וועלכער בעשטימט א קליינע שטאדט צקלג וואס איז געלעגען ביי דער גרענעץ פון שבט שמעון און וואס האט

אין יענער צייט געהערט אונטער דער הערשאפט פון פלישתים — אין אט דער שטאדט האט זיך בעזעצט דוד מיט זיינע מענשען.

אכיש האט זיך בעצויגען צו דוד'ן גוט, ווייל ער האט גערעכענט צו האבען א נוץ פון דוד'ן וועלכער האט מורר געווען און איז אנט־לאפען פון זיין קעניג שאול, און דוד וועט אמאל אויך העלפען אכיש'ן אין אין א מלחמה, געגען שאול'ן. דוד ווידער האט אכיש'ן אבגענארט דערמיט וואס ער פלעגט מאכען אנפאלען, אויף פערשיעדענע פונקטען און ברענגען א טייל פונ'ם רויב צו אכיש'ן, זאגענדיג איהם אז דאס איז ער בעפאלען די יודישע גרענעץ־קאנטען. פון זיינע רויב אנפאלען האט דוד אבער קיינמאל נישט געברענגט קיין לעבעדיגע מענשען, בכדי זיי זאלען נישט דערצעהלען פון וואנען זיי שטאמען, און אזוי ארום וועט אכיש זיך אויך דערוויסען, אז דוד מאכט זיינע אנפאלען אויף נישט־יודען, און נישט אויף קיין יודען.

די מיינונג ביי אכיש'ן וועגען דוד'ן, אז ער איז פעהיג צו בעגעהן א פערראט געגען אייגענעם פאלק, אבי זיך נוקם צו זיין אין שאול'ן, איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז אכיש פערלאנגט פון דוד'ן ער זאל מיט זיינע חיילות מיטגעהן אין דער מלחמה וואס די פלישתים'ער געהען פיהרען געגען יודען, דאך האט ער נישט אויף אזוי־פיעל קיין צוטרוי צו יודען און זיי לאזען געהן אין פראנט — נור ער זאגט דוד'ן, אז די יודען וועלען פערנעהמען א פלאץ אין די אונטערשטע פאזיציעס. דוד מאכט זיך נישט וויסען, דערפון וואס אכיש האט צו איהם קיין צוטרוי נישט, פערקעהרט, ער איז צופרידען קודם כל דערמיט וואס זיינע מענשען וועלען נישט דארפען געהן אין די פאדערשטע רייהען צו פיהרען א קאמף מיט די יודישע מחנות.

ווען אבער די פלישתים'ער מחנה האט אנגעהויבען ריהרען פון ארט אויפ'ן בעשטימטען מלחמה־פלאץ קיין אפיקה, און די פלישתים'ער הויפט־לייט זעהען ווי אין סוף פון דער מחנה געהען דוד מיט זיינע מענשען, האבען די פלישתים'ער פערלאנגט פון זייער קעניג אכיש, ער זאל דוד'ן מיט זיינע מענשען נישט מיטנעהמען אויפ'ן מלחמה פלאץ. אכיש פרובט זיי צום ערשט ענטפערען, אז ער האט צוטרוי צו דוד'ן, צום סוף אבער, האט דוד מיט זיין מחנה זיך אומגעקעהרט אין זייער וואוין־שטאדט צקלג. פון דערווייטענס זעהען זיי ווי די שטאדט שטעהט אין א פלאם־פייער, דאס האבען איהר אונטערגעצונדען די עמלקים, וועלכע זענען בעפאלען די שטאדט ווען דוד מיט זיין מחנה זענען פריהער געהאט אוועק אין דער מלחמה, און זיי האבען אויך ארויס־געפיהרט פון דארט אלע יודישע פרויען און קינדער אלס געפאנגענע.

דוד מיט זיינע מענשען האבען אויסגעבראכען אין א שטארק געוויין איבער די לאגע וואס האט זיי געטראפען. נאכמעהר איז דוד'ן געוועו שלעכט, פון די פערביטערטע מענער וואס האבען איהם געפייניגט, איינער האט געקלאגט אויף זיין זוהן, איינער אויף ויין טאכטער.

און דוד האט אנגעפרעגט ביי אביתר הכהן אין אורים־ותומים, צי ער זאל זיך אונטערנעהמען פיהרען א מלחמה מיט די עמלקים? דערויף איז געקומען א ענטפער, יא! ער וועט זיי אין דער מלחמה בעזיגען! דוד'ס מחנה האט זיך גענומען אין וועג, וואו זיי האבען געטראפען איינעם פון די עמלק'ישע דינער, א מצרי וועלכער האט זיי אנגעוויזען ווי עס רוהט דער חיל, וואס איז בעפאלען אויף דער שטאדט צקלג, און ווען די יודישע מחנה דערנעהנטערט זיך צו יענעם ארט, האבען זיי פערפיהרט א מלחמה מיט די עמלקים, און דערשלאגען די לעצטע, אזוי אז דוד האט אבגענומען אלץ וואס די עמלקים האבען פריהער געהאט ארויסגעפיהרט פון צקלג.

## יג. שאול פערענדיגט זיין לעבען אויפ'ן מלחמה־פלאץ.

די פערצווייפעלטע לאגע אין וועלכע שאול געפונט זיך. — ער מוז אנקומען צו א כישוף־מאכערין וואס פיהרט איהם צוזאמען מיט'ן גייסט פון שמואל הנביא. — שאול דערוויסט זיך אז ער וועט פאלען אין דער מלחמה מיט די פלישתים'ער. — די מפלה פון דער יודישער מחנה. — שאול פאלט אויף זיין שווערד און בלייבט טויט. — די פלישתים'ער צושניידען אויף שטיקער די טויטע קערפער'ס פון שאול'ן מיט זיינע קינדער און פיהרען זיי צו זיך אהיים אויף בעריהמען זיך. — די יודען פון יבש־גלעד לאזען זיך אויף מסירות נפש אבצוראטעווען דעם כבוד פון שאול'ס טויטען קערפער, וועלכער קומט צו קבורה.

אין זיין לעצטע מלחמה מיט די פלישתים'ער, האט שאול זיך בעפונען אין אזא פערצווייפעלטע לאגע, פון אנהויב ביז'ן סוף, אזוי אז ער האט אויך זיין לעבען פערענדיגט אויפ'ן מלחמה־פלאץ, אויף א זעהר שרעקליכען אופן.

צום ערשט האט שאול אויפגעזאמעלט א גרויסע יודישע מחנה, זיך צו שטעלען אין דער מלחמה. ווי אבער ער האט דערזעהען די פלישתים'ער מחנה, איז איהם בעפאלען א שטארקע מורא, און ער האט גענומען זוכען פערשיעדענע עצות, ווי זיך צו בערוהיגען און וויסען זיכער, צי ער וועט זיין מלחמה אויסשפילען.

שאול האט זיך פערנומען און שטארק תפילה געטהון צו גאט מען זאל איהם פון הימעל צו וויסען טהון, וועגען דעם גורל און אויסגאנג פון דער מלחמה פאר יורען. און ווען ער האט נישט קיין שום עצה, האט ער זיך געלאזט אויף א געפעהרליכען וועג, און ער האט זיך געווענדעט צו א כישוף־מאכערין, וואס קאן אויפברענגען דעם גייסט פון טויטע, ער האט אזוי ארום געזוכט אויפצוברענגען דעם גייסט פון שמואל הנביא, און ביי איהם פרעגען וואס וועט זיין דער סוף פון די מלחמה.

האט זיך אבער אין גאנצען לאנד נישט געפונען קיין שום כישוף־מאכערין, א חוץ איינע, ווייל שאול האט געפיהרט א שטארקען קאמף מיט'ן צוועק אויסצוראטען דאס כישוף־מאכעריי; און ער האט בעשלאסען צו געהן אינקאגניטא (פערשטעלטערהייט), צו אט די איינע כישוף־מאכערין. יענע האט צו ערשט נישט געוואוסט, אז דאס איז דער קעניג שאול אליין און שפעטער ווען זי דערוויסט זיך עס, האט זי זיך גענומען שטארק בעטען ביים קעניג, ער זאל זי בעפרייען, מורא האבענדיג, אז ער וועט זי לאזען פערניכטען פונקט ווי ער האט אויסגעראטען אלע כישוף־מאכערינס.

שאול האט איהר פערזיכערט דאס לעבען, און זי ברענגט אויף דעם גייסט פון שמואל הנביא. שמואל איז שטארק אויפגערעגט אויף שאול'ן פארוואס ער האט איהם בעאונרוהיגט. שאול פערענטפערט זיך, אז ער איז אין א זעהר פערצווייפעלטע לאגע: די פלישתים זענען געקומען אויף א מלחמה, פון הימעל ענטפערט מען איהם נישט וואס צו טהון, דעריבער האט ער געמוזט אננעהמען די לעצטע עצה, אויפצוברענגען שמואל'ס גייסט, חאטש דאס איז איהם ווייט נישט געווען ניחא.

זאגט שמואל הנביא: „און וואס פרעגסטו מיך, ווען דו ווייסט אז גאט האט זיין כבוד פון דיר אבגעטהון"? „האב איך דיר דען שוין לאנג נישט געזאגט, אז די מלוכה ווערט ביי דיר אבגענומען, און ווערט איבערגעגעבען צו דוד'ן"?

„אלזא, מארגען וועסטו פאלען אין דער מלחמה מיט די פלישתים, או דו מיט דיינע זיהן וועלען שון זיין אויף יענער וועלט, און אוך די יודישע מחנה וועט ליידען א מפלה אין דער מלחמה".

שאול איז געבליבען שטארק נידערשלאגען פון אט דער ענטפער, און ער האט מעהר קיין כוח נישט געהאט אפילו צו עסען, קיים וואס מען האט ביי איהם געפועל'ט, צו גענוסען, ווען מען זעהט אז די כוחות געהען איהם אוים.

און די פלישתים'ער האבען ארויסגערוקט זייער מחנה ביז דער

שטאדט שונם, וואס געהער צום שבט ישׂשכר. די יודישע מחנה ווידער האט זיך אבגעשטעלט ביים בארג גלבוע, מיט דער אויסרעכענונג, אז אויפ׳ן בארג וועלען די פלישתים׳ער נישט קענען ארויספיהרען זייערע רייט־וועגען און רייטער־חיילות. ווי אבער די פלישתים׳ער האבען אנגע־הויבען די מלחמה, איז די יודען אנגעפאלען אזא שרעק, אז זיי האבען אנגעהויבען אנטלויפען פון מלחמה־פלאץ, און די פלישתים האבען נאכגעיאגט די יודען און זיי שטארק געשלאגען, אויך האבען זיי דער־גרייכט און דערשלאגען שאול׳ס זיהן: יונתן, אבינדב און מלכישוע.

און שאול האט דערזעהען, אז ער האט נישט קיין שום אויסוועג פון דער מלחמה, האט ער זיך געבעטען ביי זיין אייגענעם אדיוטאנט, יענער זאל איהם דערשטעכען, אז ער זאל נישט ארייננפאלען צום פיינד אין האנד. דער אדיוטאנט האט עס אבער נישט געוואלט טהון, האט שאול גענומען זיין אייגענע שווערד און איז אויף איהר ארויפגעפאלען. האט עס דערזעהען דער אדיוטאנט, און ער האט אויך געטהון דאס זעלבע, זיך ארויפגעווארפען אויף דער שווערד און איז געבליבען ליגען טויט צוזאמען מיט שאול׳ן.

די יודישע מחנה איז ווייטער אנטלאפען פון מלחמה־פלאץ און די פלישתים׳ער זענען געקומען זוכען צווישען די טויטע געפאלענע יודען, דאָרט האבען זיי אויך געפונען דעם טויטען קערפער פון קעניג שאול, וועלכען זי האבען איבערגעשיקט אהיים, זיי האבען דעם טויטען קערפער צושניטען אויף שטיקער, און עס אוועקגעלייגט אין זייערע עבודה־זרה־הייזער.

האבען עס נישט געקענט איבערטראגען, אט די חרפה, די יודען וואס האבען געוואוינט אין יבש־גלעד, וועלכע האבען זיך פערזאמעלט און זענען געגאנגען א גאנצע נאכט אין דער שטיל, ביז זיי זענען געקומען אין די ערטער, וואו זיי האבען ארויסגענומען דיביינער פון די געפאלענע קערפער׳ס פונ׳ם קעניג און זיינע זיהן, וועמען זיי האבען בעגראבען אין דער שטאדט יבש, און זיי האבען דארט אבגעהאלטען א תענית פון זיבען טאג.

און אזוי איז געווען דער שרעקליכער סוף פון ערשטען יודישען מלך שאול. וועלכער האט ביי זיינע אלע מעלות, דאך נישט געטראפען די גראדע ליניע, צו קענען ביישטעהן די נסיונות, וואס א יודישער מלך דארף און מוז ערפיהלען ביים פיהרען די מלוכה.

## יד. די צייטווייליגע מלוכה ביי שאול'ס זוהן.

די גרעסטעוועטע מלוכה-לייט. — דער טרויער אין דוד'ס מחנה. — דוד'ס אנקומען קיין חברון און זיין ערשטע מלוכה איבער'ן שבט יהודה. — די איבריגע שבטים אנערקענען די מלוכה פון איש-בשת.

דער נצחון וואס די פלישתים'ער האבען אבגעהאלטען, צוזאמען מיט'ן טויט פון שאול'ן און זיינע דריי זיהן, האט ארויסגערופען א זעהר געדריקטע שטימונג אין דער גאנצער יודישער מחנה, וועלכע איז כסדר אנטלאפען אהן שום ארדנונג. די פלישתים'ער יאגען די יודען און פערנעהמען די שטעדט וואס זענען אויסגעליידיגט געווארען פון דער יודישער בעפעלקערונג. דער עמק יזראעל און די גלבוע-בערג, זענען בעדעקט מיט די טויטע קערפער פון געפאלענעם יודישען חייל. צווישען די געפאלענע, זענען אויך געווען די קריעגס העלדען וועלכע זענען ארויס אויפ'ן מלחמה-פלאץ. געראטעוועט זיך מיט'ן לעבען, האבען זיך נור: אבנר — דער בעריהמטער קריעג'ס העלד, איש-בשת — שאול'ס פערטער זוהן, און דואג-האדומי [1]). אחוץ זיי, האט די ערציהערען פון שאול'ס א 5-יעריגען אייניקעל, מפיבושת, זיך געראטעוועט צוזאמען מיט'ן קינד און אנטלאפען; אין גרוים אייליגניש אבער, איז דאס קינד געפאלען אזוי אומגליקליך, אז ער בלייבט א הינקעדיגער זיין גאנץ לעבען.

אין דער זעלבער צייט, וואס שאול'ס מחנה האט געהאט אזא שרעקליכע מפלה אויפ'ן שלאכט פעלד, האט דוד'ס מחנה זיך אומגע-קעהרט פונ'ם נצחון וואס זיי האבען אבגעהאלטען איבער די עמלקים (זעה אויבען). אויפ'ן דריטען טאג נאך זייער נצחון, איז געקומען צו-לויפען קיין צקלג, דער אויבענדערמאנטער דואג-האדומי, אנזאגען דוד'ן די בשורה, אז שאול איז געפאלען אין דער מלחמה. דואג איז געווען אזוי דורכגעטריבען, אז באלד אויפ'ן ארט פון שאול'ס טויט, האט ער פערשטאנען דאס די מלוכה וועט שפעטער איבערגעהן צו דוד'ן, און ער זוכט שוין א עצה ווי זיך צו חנפ'נען און ארויסווייזען דוד'ן, אז ער איז געווען פון די ערשטע וואס האבען דוד'ן מיטגעהאלפען איבערנעה-

1) א טייל דעות זענען פארהאן, אז דאס איז געווען א זוהן פון דואג-האדומי, וואס איז דערמאנט אין די פריהערדיגע קאפיטלען.

מען די מלוכה. דואג איז בעפאלען שאול'ס טויטען קערפער, פון איהם אראבגענומען די קעניגליכע קרוין פון קאפ און די רינגען פון האנד, און מיט זיי איז ער עם אוועקגעלאפען קיין צקלג; און בכדי נאכמעהר אויסצונעהמען ביי דוד'ן, האט ער דערצעהלט, אז ער האט עם שאול'ן געהארגעט.

און דוד האט אויסגעבראכען אין א שרעקליך געוויין, אויפ'ן טויט פון שאול'ן מיט זיינע זיהן, און אויף דער מפלה וואס די יודען האבען געליטען. א גאנצען טאג האט דוד מיט זיין גאנצע מחנה אבגעהאלטען א תעניות, זיי האבען צוריסען אויף זיך די קליידער, און דוד קלאגט א הארציג קלאג־ליעד איבער דער יודישער לאגע אין וועלכען ער ווייזט אויף, אז סיי פון סטראטעגישען שטאנדפונקט, — לויט די פאזיציעס וואס די יורישע מחנה האט פערנומען, סיי פון העלדישען שטאנדפונקט — די גבורים ביי די יודישע קריעג'ס־אנפיהרער אין חייל, קען מען נישט פערשטעהן די מפלה וואס די יודען האבען געליטען, אחוץ ווען מען נעהמט אין אכט, אז דא איז געקומען א שטראף פון הימעל. דען פונקט ווי יודען זענען מעהרערע מאהל מנצח חוץ לדרך הטבע, אויף א איבערנאטירליכער וועיזע, אזוי ליידען זיי א סך מאהל אויך מפלות, חוץ לדרך הטבע, און זייער גאנצער אנהאלט איז נור אין הימעל.

נאכדעם ווי דוד האט זיך עטוואס בערוהיגט, רופט ער דעם שליח וואס האט געברענגט די טרויעריגע בשורה וועגען שאול'ס טויט און זאגט איהם: אויב דו אליין ביזט מודה, זאגט דוד, אז דו האסט דעם קעניג ערמארדעט מיט דיינע אייגענע הענד, האסטו ווירקליך פערדיענט א טויט־אורטייל; און אויף דוד'ס בעפעהל האט דואג געפונען זיין פערדינטען טויט, דורך איינעם פון דוד'ס יונגע לייט פאר אומברענגען אומשולדיג דעם כהן־גדול אחימלך און די כהנים פון נוב (זעה אויבען).

דוד האט אנגעהויבען בענקען א היים אין זיין לאנד. יעצט איז שוין זיין לעבען אויסער יעדען געפאהר. — דען, צו ער וועט אויפ־געגומען ווערען אלם מלך, אדער נאך נישט, אלענפאלס ווייסט די גאנצע יודישע בעפעלקערונג, אז דוד איז געזאלבט געווארען פון שמואל הנביא, ער זאל פערנעהמען די מלוכה נאך שאול'ן. דוד אבער טהוט נישט קיין שום שריט, ביז ער דערוויסט זיך נישט, ווי די זאך איז בעשטימט פון הימעל — אין אט דער הינזיכט האט זיך דוד אויסגעצייכענט פון שאול'ן, דאמיט וואס דוד טהוט נישט אין מלוכה־ענינים, קיין שום זאך אויף אייגענער האנד, ביז ער פרעגט זיך פריהער ביי די סנהדרין און אין אורים־ותומים.

און פון הימעל האט זיך דוד דערוויסט, אז ער דארף געהן קיין

ארץ־ישראל און זיך בעזעצען אין חברון. דארט, האבען זיך די ערשטע קאנצענטרירט ארום דוד'ן די פארשטעהער פון שבט יהודה, וועלכע האבען איהם אויסגערופען פאר א מלך איבער זייער גאנצען שבט.

דערווייל אבער, האט אבנר, דער בעקאנטער און פאפולערער קריעג'ס־הער און פעטער פון קעניג שאול, אנגעהויבען פיהרען א פראפאגאנדע צווישען דער יודישער בעפעלקערונג, אז די מלוכה זאל איבערגעהן צו שאול'ס זוהן איש־בשת. דער דאזיגער איש־בשת, איז געווען איינער פון די גרעסטע תורה־אויטאריטעטען אין זיין צייט, אבער די פאסענדע מעלות און פעהיגקייטען וואס עס דארף בעזיצען א מלך, בכדי צו פיהרען זיין מלוכה מיט א פעסטע האנד, דאס האט איש־בשת נישט פערמאגט. אבנר האט עס פערשטאנען אז ווען איש־בשת וועט איבערנעהמען די מלוכה, וועט ער זיין מלך נור לפנים, און די ווירקליכע מלוכה־פיהרונג, וועט זיין ביי אבנר'ן אין האנד.

אבנר'ס ארבייט האט געהאט ערפאלג. חאטש עס איז איהם נישט געלונגען באלד אין דער ערשטער צייט, דורכצופיהרען אז אלע יודישע שבטים, זאלען אויפנעהמען איש־בשת'ן פאר א מלך, דאך האט ער מיט זיין פאפולאריטעט ביים פאלק זיין ווילען דורכגעזעצט, און איין שבט נאכ'ן אנדערען האט אנערקענט די מלוכה פון איש־בשת'ן.

און אזוי האט זיך געצויגען א צייט פון זיבען יאהר מיט זעקס חדשים, ווען דוד האט געהאט זיין מלוכה בלויז איבער'ן שבט יהודה, און די איבריגע שבטים, האבען די לעצטע צוויי יאהר פון די דער־מאנטע צייט שוין אלע אנערקענט די מלוכה פון איש־בשת'ן. וועלכער האט געהאט זיין רעזידענץ־שטאדט אין מחנים (עבר הירדן). די מלוכה פון שאול'ן מיט זיינע קינדער האט זיך אלזא געצויגען קנאפע צעהן יאהר: שאול'ס מלוכה — צוויי יאהר, און די מלוכה פון איש־בשת, — קארגע אכט יאהר.

די גאנצע צייט וואס דוד איז געווען מלך אין חברון, האט ער זיך נישט אריינגעלאזט אין קיין גרעסערע מלחמה מיט די פלישתים'ער חאטש עס האט איהם געדריקט, דאס וואס די יודען זענען אונטער זיי אזוי שטארק אונטערדריקט. דערפאר האט ער אבער געפיהרט מלחמות מיט די קלענערע שכנות'דיגע פעלקער, די פעלקער פון גשור עמלק א. א., און ער האט ארויסגעריקט די גרענעצען פון ארץ ישראל צו דרום־זייט. דעם דאזיגן ביישפיעל האבען נאכגעטהון די בני־שמעון, וועלכע האבען געפיהרט מלחמות און בעזיעגט די חם־לייט, ווי אויך די ריעזען־פאמיליעס וואס האבען געוואוינט אויפ'ן בארג שעיר, אזוי אז זייער נחלה האט זיך אין יענער צייט שטארק פערברייטערט.

## טו. דער סוף פון שאול׳ס קעניג־פאמיליע.

די מלחמה צווישען דוד׳ס און אבנר׳ס חיילות.—דער נצחון פון יואב׳ן און זיין העלדענמוט. — דער שפעטערדיגער שלום צווישען אבנר׳ן מיט דוד׳ן. — יואב׳ס אונצופרידענהייט און זיין ערמארדען אבנר׳ן.—דוד׳ס טרויער און די שטימונג אין לאנד צו פעראייניגען די מלוכה אונטער דוד׳ס הערשאפט. — דער מארד איבער׳ן קעניג איש־בשת.

דער קאנטראסט (אונטערשיעד) צווישען דוד׳ס מלוכה און אבנר׳ס פיהרונג, האט זיך ארויסגעוויזען דערמיט, וואס בעת דוד האט אבגעווארט די ווייטערדיגע עטוויקלונג פונ׳ם גורל פון זיין מלוכה, און ער האט נישט אונטערגענומען קיין שום שריט זיך צו פערטשעפען מיט די חיילות ביי אבנר׳ן האט אבער דער לעצטער זיך נישט געלאזט צופריעדען פון דעם וואס די מלוכה פון שאול׳ס זוהן איש־בשת, האט זיך אויסגעשפרייט כמעט אויפ׳ן גאנצען לאנד, ער האט געוואלט איינשלינגען אויך דוד׳ס מלוכה׳לע וואס האט זיך געהאלטען בלויז איבער׳ן שבט יהודה. דערגאנגען איז עס אזוי ווייט, ביז דוד׳ס און אבנר׳ס מחנות האבען זיך געשטעלט אויפ׳ן מלחמה־פלאץ בכדי אויפצונעהמען א אפענעם שלאכט.

דורך דער צייט אבער, איז דוד׳ס מחנה שטארק אויסגעוואקסען מיט איהרע העלדען אין דער שפיץ, יואב, אבישי און עשהאל — דריי ברידער זענען זיי געווען, די זיהן פון צרויה. דאגעגען איז אבנר׳ס ארמע כסדר אראבגעפאלען. ווען אט די ביידע מחנות זענען זיך צוזאמענגעקומען, האט אבנר געגעבען א פארשלאג, אז בכדי צו פערמיידען אומזיסטע בלוט־פערגיסונג, זאל מען ארויסשטעלען צו גרופען פון 12 מאן פון יעדען צד, און די גרופע וואס וועט אבהאלטען א זיעג, וועט זיך דער צווייטער צד מוזען אונטערגעבען.

דער דאזיגער גרופען־קאמף אויף וועלכען יואב דער אנפיהרער פון דוד׳ס מחנה האט גערן איינגעשטימט, האט אבער נישט געגעבען קיין קלארען רעזולטאט, און די מחנות זענען אריינגעצויגען געווארען אין קאמף, וועלכער האט געגעבען די איבערהאנד דוד׳ס מחנה. אבנר מיט זיינע מענשען זעהען נישט קיין מעגליכקייט ווייטער צו בלייבען אויפ׳ן שלאכט־פעלד און זיי אנטלויפען. עשהאל איז געווען א שנעלער

לויפער, און ער האט נאכגעיאגט אבנר'ן און איהם דערגרייכט. אבנר אבער ווארענט עשהאל'ן ער זאל איהם אויסמיידען, און ווען ער פאלגט איהם נישט האט אבנר דערשטאכען עשהאל'ן בכדי צו ראטעווען זיין אייגען לעבען.

דער מארד פון זייער ברודער עשהאל, האט ארויסגערופען א שטארקען כעס ביי די העלדען יואב און אבישי, וועלכע יאגען נאך אבנר'ן און ווילען אין איהם נקמה נעהמען. אבנר האט נישט געזעהען קיין שום אויסוועג פאר זיך, און ער האט אנגעהויבען רעדען צום ברודער־געפיהל פון יואב'ן מיט אבישי: ווי לאנג נאך וועט איהר דער־לאזען צו א ברידער־קריעג צווישען יודען? זאגט אבנר. יואב האט איהם געפרובט אפילו אויס'מוסר'ן, אז אייגענטליך האט ער, אבנר, געפיהרט צו א ברידער־קריעג, דאך גיט יואב א סיגנאל אבצושטעלען די מלחמה.

דער דאזיגער שטילשטאנד צווישען די מחנות פון דוד'ן און פון אבנר'ן, איז אבער נישט געווען קיין פעסטער, ער האט נור א סוף געמאכט צו דער גרויסער מלחמה, אבער עס זענען ווייטער פארגעקומען כסדר'דיגע קלענערע צוזאמענשטויסען צווישען די יודישע מחנות, ביי וועלכע אבנר'ס מחנה ליידט שטענדיג א מפלה און דוד'ס מחנה געהט ארויס מיט א נצחון.

דאך האט זיך געהאלטען די מלוכה פון איש־בשת, ביז עס האט זיך אונטערגערוקט אט די געשיכטע:

אין א צייט ארום, איז אויסגעבראכען א פאמיליען־סכסוך צווישען אבנר'ן מיט'ן קעניג איש־בשת, וואס עס האט געמאכט א סוף צו די מלוכה פון שאול'ס קינדער. מען האט אבנר'ן אינטריגירט פאר איש־בשת'ן, אז דער ערשטער וויל נעהמען פאר א ווייב איינע פון די אלמנות נאך'ן קעניג שאול, דאס וואס עס איז נישט געווען ערלויבט, דאס אז אלמנה נאך א יודישען מלך, זאל חתונה האבען מיט א צווייטען מאן; עס איז דעריבער געפאלען א חשד אויף אבנר'ן, אז ער זוכט א סיבה, אבצונעהמען די מלוכה פון איש־בשת'ן און אליין צו פראקלאמירען זיך אלס יודישער מלך, וואס עס האט דערפיהרט צו א שארפען קאנפליקט צווישען קעניג איש־בשת מיט אבנר'ן, וועלכער זעהט זיך געקרענקט דערפון, וואס איש־בשת האט נישט אבגעשאצט זיינע פערדינסטען פאר שאול'ס קעניגליכע הויז. אבנר בעשליסט דעריבער צו קומען אין פער־בינדונג מיט דוד'ן, וועגען פעראייניגען די גאנצע יודישע מלוכה, און ערקלערען דוד'ן אלס דעם איינציגען יודישען קעניג.

דער ערשטער בעדינג וואס דוד האט געשטעלט אבנר'ס שלוחים,

וועלכע זענען געקומען פארלייגען א שלום צווישען אבנר'ן מיט דוד'ן, איז געווען, אז זיי זאלען זעהען דאס מיכל, שאול'ס טאכטער און די געוועזענע פרוי פון דוד, זאל זיך קענען פעראייניגען מיט דוד'ן. און ווען אט דער בעדינג ווערט ריכטיג אויסגעפיהרט, זענען אראבגעקומען אבנר מיט זיינע צוואנציג מאן אויפ'ן בעשטימטען ארט, וואו דוד האט פאר זיי געלאזט מאכען א מאהל־צייט צום אויסדרוק פון די געשלאסענע פריינדשאפט.

אבנר האט דערווייל ארומגעשיקט שלוחים איבער אלע קאנטען פון ארץ ישראל און דערמאנט דער יודישער בעפעלקערונג, אז אייגענטליך איז דוד געזאלבט געווארען פון שמואל הנביא, צו פערנעהמען די יודישע מלוכה נאכ'ן טויט פון קעניג שאול. שפעטער ווען דוד מיט אבנר'ן האבען זיך געטראפען אין חברון, איז אבנר אוועק מיט דער אויפגאבע אויפצוזאמלען די פארשטעהער פון אלע יודישע שבטים, וועלכע זאלען קומען צו דוד'ן און איהם אויסרופען פאר א מלך.

יואב איז געווען פון די, וואס האבען נישט דערלזאט, אז דוד זאל האבען דעם פולען צוטרוי צו אבנר'ן. יואב זאגט אז אבנר איז נור געקומען אויסשפיאנירען דוד'ן, און ער איז נאכגעלאפען אבנר'ן וועמען ער טרעפט אויפ'ן וועג, וואו ער האט איהם דער'הרג'עט און דארט זיך אין איהם אויך נוקם געווען פאר'ן טויט פון זיין ברודער עשהאל, וועמען אבנר האט ערמארדעט.

דוד איז געווארען שטארק אויפגערעגט ווען ער דערוויסט זיך וועגען אבנר'ס מארד, און ער האט ארויסגעוויזען זיין גרויסען כעס צו יואב'ן און זיין משפחה. א חוץ דעם, האט דוד געלאזט אויסרופען א גרויסען טרויער, און ער אליין האט בעגלייט אבנר'ס קערפער צו קבורה אין דער שטאדט חברון, דאביי האט ער געהאלטען א שטארקען הספד.

אבנר'ס טויט האט ארויסגערופען א גרויסע בהלה אין דער רעזידענץ פון איש־בשת, וועלכער איז נור געווען מלך לפנים, און אין דער ווירקליכקייט האט אבנר געפיהרט די גאנצע מלוכה (זעה אויבען), אזוי אז אלע ווייסען שוין יעצט זיכער, דאס דוד וועט איבערנעהמען די מלוכה. און עס האבען זיך געפונען צוויי מלוכה־לייט אין איש־בשת'ס קעניגליכען הויף, איינער האט געהייסען בענה און דער צווייטער רצב. זיי האבען זיך ארייגבעקומען שטילערהייד, אינ'ם זאל, וואו דער קעניג איש־בשת איז געשלאפען זיין בייטאג־שלאף, און זיי האבען איהם אין דער שטיל אבגעשניטען דעם קאפ, און מיט'ן אבגעשניטענעם קאפ, זענען זיי געלאפען קיין חברון, בכדי צו ווייזען דוד'ן זייער

טרייהייט, אז זיי האבען מיטגעהאלפען דוד'ן איבערנעהמען די מלוכה. די דאזיגע לייט האבען אבער געהאט א גרויסען טעות אין דוד'ן, רעכענדיג אז ער איז גרייט צו בעקומען די מלוכה, מיט'ן בלוט פון אינשולדיגע מענשען, דען דוד האט באלד בעפוילען אויסצופיהרען א טויט־אורטייל אויף די צוויי מערדער, וועלכע האבען אומגעברענגט דעם אונשולדיגען איש־בשת, און דעם טויטען קאפ פון איש־בשת'ן האט מען געברענגט צו קבורה, ביי אבנר'ס קבר אין חברון.

און אזוי זענען פארביי די יאהרען פון שאול'ס מלוכה (2882—2884) און פון איש־בשת מלוכה (2884—2892) ווען דוד איז געווען מלך בלויז איבער'ן שבט יהודה. ערשט נאכ'ן טויט פון איש־בשת, האבען זיך פערזאמעלט די פארשטעהער פון אלע שבטים צו דוד'ן, און איהם אויסגערופען פאר א מלך איבער'ן גאנצען לאנד.

# די פעראייניגטע יודישע מלוכה.

## א. די קרוין-פייערונג פון דוד המלך.

די גרויסע פאלק'ס־שמחה אין חברון. — די נייע מלוכה־רעזידענץ אין ירושלים. — די מלחמה מיט די יבוסים. — די בעציהונגען פון פרעמדע מלוכות צו דוד'ן.

דאס גאנצע יודישע פאלק ציהט יעצט צו דוד המלך, און זיי ווילען זעהען א פעראייניגטע מלוכה אונטער דער הערשאפט פון אט דעם מלך וואס האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע אויסערגעוועהנליכע מעלות און מדות, מיט זיינע הויכע פעהיגקייטען אין אלע הינזיכטען. אלע בעוואונדערען זיין תמימות און אפענהערציגע בעציהונג נישט בלויז צו זיינע אנהענגער און סימפאטיקער, נור אויך צו זיינע געגענער און פערפאלגער. א רייה מאמענטען האבען עס געגעבען די געלעגענהייט צו בעווייזען אין דער קלארסטער פארם: דוד האט נישט דערלאזט קיין שלעכט'ס טהון שאול'ן אויך ווען דער לעצטער איז אין זיין האנד אריינגעפאלען און ווען דער לעצטער פלאנט כסדר דוד'ן שלעכט'ס צו טהון — דוד האט געוואוסט און איז געווען זיכער, דאס אויב עס איז בעשטימט פון הימעל די מלוכה זאל צו איהם געהערען, דאן דארף ער נישט טהון דאס מינדעסטע, שוין נישט רעדענדיג קיין אומרעכטיגען שריט בכדי צו דערנעהנטערען די צייט פון זיין מלוכה וועלכע וועט סוף־כל־סוף קומען; דוד האט עס דערוויזען, אז דאס יודישע פאלק שטעהט נישט אויפ'ן זעלבען שטייגער ווי אנדערע פעלקער, וואו דער מלך אליין איז אפטמאל פערמישט אין רציחות און בלוט־פערגיסונגען בכדי צו פערשטארקען און פערפעסטיגען זיין מלוכה־טראהן, פערקעהרט גאר, דוד האט שטרענג בעשטראפט פאר יעדער רציחה, זאגאר ווען יענער האט דעם מארד אויסגעפיהרט מיט'ן צוועק צו פערפעסטיגען דוד'ס מלוכה.

און אזוי איז די בעציהונג פון פאלק צו דוד'ן, אויסגעוואקסען אין א ריין הארציגע, פול מיט ליעבשאפט און פריינדשאפט. פון אלע

עקען לאנד האבען זיך פערזאמעלט די יודען, זייערע פארשטעהער און הויפט־לייט, וועלכע קומען קיין חברון מיט׳ן צוועק אויסצורופען דוד׳ן אלס מלך איבער די פעראייניגטע יודישע מלוכה פון גאנצען פאלק און לאנד.

צווישען די פערזאמעלטע וועלכע זענען געקומען צו דער קרוין־פייערונג אין חברון, האט מען אויך געקענט זעהען די נאהנטסטע לייט פונ׳ם געוועזענעם קעניג איש־בשת, וועלכע זענען יעצט געשטאנען מיט די טיעפסטע אונטערטעניג׳ס־געפיהלען פאר׳ן קעניג דוד — דריי טויזענד מאן אזעלכע פון שבט בנימין, די לייב־וואך פון קעניג איש־בשת, איז געווען אין חברון ביי דער קרוין־פייערונג. פון איבריגען חייל, זענען געקומען 340 טויזענד מאן, אחוץ די אנגעזעהנסטע יודישע לייט, די גרעסטע געלעהרטע און תורה־אויטאריטעטען. דריי טעג, האט זיך געצויגען די מאהל־צייט פון דער קרוין־פייערונג און די פאלקס־שמחה האט איבערגעשטיגען אלע גרעניצען. די שמחה וואס מען האט דערלעבט דעם טאג ווען דאס גאנצע יודישע פאלק איז פעראייניגט אין איין מלוכה און אונטער אזא מלך ווי דוד, מיט זיינע הויכע מעלות.

דעם ערשטען צייכען וואס דוד המלך האט געגעבען אלס אויסדרוק צו זיין נייער גרויסער מלוכה, איז געווען דאס איבערטראגען זיין רעזידענץ פון חברון קיין ירושלים, וואס האט זיך געפונען אויף א בארען וואס געהער טיילוויז צום שבט יהודה און טיילוויז צום שבט בנימין. דאס אליין, איז אויך געווען א סימבאל, אז די צושפאלטענע מלוכה וואס האט זיך פריהער געפונען אונטער דער הערשאפט פון צוויי מלכים, וואס האבען געשטאמט איינער פון שבט בנימין און דער צווייטער פון שבט יהודה, אז דער נייער פעראייניגטער מלך, שאפט זיין פעראייניגטע רעזידענץ־שטאדט אויף א בארען פון אט די צוויי שבטים. א חוץ דעם האט דוד־המלך איינגעזעהען, אז עס איז געקומען די צייט צו שאפען און אויפבויען א הייליגען רעליגעזען צענטער, וואוהין עס זאל ציהען דאס הארץ און שטרעבען פון אלע יודען. דוד המלך האט געזעהען זיין פליכט, פעסט־צושטעלען אין אריינפיהרען אינ׳ם יודישען לעבען און לאנד, גאט׳ס ווארט און פערלאנג; און דאס ערשטע — ריין צו מאכען דאס לאנד פון דער פרעמדער געצענדינערייי און פון די פרעמדע עלעמענטען, וואס זיי זענען עס די גאנצע סיבה צום אריינפיהרען און אויפהאלטען דאס היידענטום אין יודישען לעבען און לאנד; און בכדי דורכצופיהרען אט דעם פראגראם, האט דוד המלך זיך גענומען אוועקשטעלען די יסודות פון יודישען פאלק און לאנד, אויף די אייגענארטיגע יודישע פרינציפען וואס זענען אנ־געצייכענט פון אייביגע צייטען, און אז דאס יודישע פאלק זאל אינגאנצען

פריי זיין פון אלע נאכהאמונגען פון פרעמדע פעלקער.

דער פלאץ וואו דוד המלך האט בעשלאסען אויסצובויען זיין רעזידענץ, איז געווען די שטאדט ירושלים, וועלכע איז אין יענער צייט געווען פערנומען, א גרויסער טייל, פון די יבוסים וואס האבען געוואוינט אין יענעם קאנט. דען, ווען די יודען זענען אריינגעקומען קיין ארץ־ישראל, האבען נור די יהודה־לייט אין זייערע מלחכות פערנומען דעם טייל ירושלים וואס איז אויסגעפאלען צו דער צוגעטיילטער נחלה פאר׳ן שבט יהודה, דאגעגען דער טייל ירושלים, וואס איז געווארען צוגעטיילט פאר׳ן שבט בנימין, איז געבליבען ביי די יבוסים וועלכע האבען דארט געהאט זייערע בעפעסטיגטע פאזיציעס. דוד וויל אויסמיידען א מלחמה מיט די יבוסים, און ער פערלאנגט זיי זאלען איהם אדורכלאזען, דורך זייערע דורכגענג און פעסטונגען, און ווען די יבוסים ווילען נישט אויף קיין פאל נאכקומען דוד׳ס פערלאנג, האט ער געלאזט פערנעהמען דעם יבוסי קאנט דורך יואב׳ן, דער קריעג׳ס־פיהרער אין דוד׳ס ארמע. דאך האט דאס יודישע חייל נישט פערניכטעט די יבוסים, פאר וועמען עס ווערען איבערגעלאזט בעשטימטע פונקטען וואו זיי בלייבען וואוינען.

דוד׳ס רוהם האט זיך באלד פונאנדערגעטראגען אויסער די גרענעצען פון ארץ ישראל, וואס עס האט איהם פערשאפט פריינד און פערבינדעטע פון איין זייט, אזעלכע מלוכה׳לעך וואס זוכען צו לעבען בשלום מיט דער יודישער מלוכה, און פון דער צווייטער זייט, זענען אויך געווען אזעלכע מלוכות, וואס האבען בעשלאסען פאר יעדען פרייז, אויסצוזוכען א געלעגענהייט ווי אונטערצורוקען דוד׳ן א מלחמה און איהם אריינשלעפען אין א שווערע לאגע, וואס עס זאל דערשלאגען און אראבווארפען דעם מוט און פרעסטיזש פון דוד׳ס מלוכה. צווישען די וואס האבען געזוכט דוד׳ס פריינדשאפט איז אויך געווען, חירם דער קעניג פון שכנות׳דיגען לאנד צור, דאס לאנד וואס איז אין יענער צייט געווען בעריהמט מיט איהרע קינסטליכע בעלי־מלאכות. אלס צייכען פון פריינדשאפט האט חירם אראבגעשיקט זיינע בעסטע קינסטלער וועלכע האבען אויסגעבויט דוד׳ס קעניגליכען פאלאץ.

פון די פיינדליכע מלוכות, וואס האבען כסדר געזוכט צו פערניכטען די יודישע מלוכה, זענען געווען די אייביגע יודישע פיינד, די פלישתים׳ער וועלכע האבען בעשלאסען צו קומען אויף א מלחמה געגען די יודען. דוד האט אבער אויפגענומען די מלחמה און זיי גוט אנגעלערענט, זייערע פערזאמעלטע מחנות אין בעל־פרצים זענען פון די יודישע חיילות צושלאגען געווארען. נור אין א קורצע צייט ארום, האבען זיי א נייע ארמע צוזאמענגעשטעלט און מיט פערגרעסערטע קרעפטען זענען זיי

פון דאס ניי בעפאלען דאס יודישע פאלק, האבען זיי וויטער געליטען א פולשטענדיגע מפלה. נאכהער האבען די פלישתים׳ער געפיהרט מלחמות א דריטען און א פערטען מאהל, נור דוד האט צושטעטערט זייערע רייהען, אונטערטעניג געמאכט דעם פיינד, און צוגענומען א שטיק לאנד ביי די פלישתים׳ער.

און פאר די יודען, האט זיך אנגעהויבען א נייע תקופה, א תקופה פון א פרייע און זעלבסשטענדיגע מלוכה, און די רוה און זיכערקייט האט בעהערשט דאס לאנד, די אפטע אנפאלען פון די שכנות׳דיגע מלוכות האט זיך אבגעשטעלט, וואס עס האט געגעבען דוד׳ן די מעגליכקייט זיך צונעהמען איינפיהרען אויך א פעסטען אינערליכען ארדנונג אין לאנד.

## ב. דער גרויסער יודישער צענטער אין ירושלים.

די הייליגקייט פון גבעון און קרית-יערים. — דאס אויפברענגען דעם ארון קיין ירושלים. — די גרויסע פאלקס-שמחה און דוד׳ס הכנעה פאר גאט׳ס כבוד. — די ענטוויקלונג און וואוקס פון ירושלים. — דוד׳ס פראגראם צו בויען דעם בית-המקדש. — די נבואה אז שלמה וועט דעם בית-המקדש בויען. — דוד׳ס אלע פארברייטונגען און די גרויסע אוצרות פאר׳ן בית-המקדש בוי.

ווען דוד זעהט, ווי די יודישע מלוכה וואקסט אונטער זיין הער-שאפט. אליץ צו א העכערער מדריגה, האט ער ביי זיך בעשלאסען אז יעצט איז געקומען די העכסטע צייט צו שאפען דעם יודישען רעליגעזען צענטער און דאס גרויסע גאט׳ס-הויז אין הייליגען לאנד וואו עס זאל זיך אויך קאנצענטרירען דער הייליגער ווילען און געדאנק פון יודישען פאלק. דען אין יענער צייט, זענען די יודישע הייליגקייטען געווען פונאנדערגעשפרייט און זיך נישט געפונען אויף איין ארט. אין גבעון, 1) — וואס האט זיך אויסגעבויט נאכדעם ווי די כהנים-שטאדט נוב איז חרוב געווארען אויפ׳ן בעפעהל פון קעניג שאול, דורך דואג האדומי (זעה אויבען). דאן זענען א טייל יודישע הייליגטימער איבערגעטראגען געווארען קיין גבעון, וואו עס ווערט אויפגעשטעלט א גרויסע במה, און דארט ווערען אויך געבראכט קרבנות. דארט אין גבעון,

1) פופציג יאהר איז געשטאנען די הייליגע-שטאדט גבעון, ביז צום אויפבוי פון בית המקדש אין ירושלים.

צווישען די הייליגטימער, האבען זיך געפונען אויך דער אהל־מעד וואס משה רבינו האט פערפערטיגט אין מדבר (זעה 2־טען באנד). דאס הימלישע פייער אויפ׳ן מזבח, דער מזבח־נחשת (קיפער), די מנורה, דער שלחן א. א.; דער ארון אבער מיט די לוחות איז געווען אין קרית־יערים ביי אבינדב אין הויז, וואו ער האט זיך געפונען זייט דער ארון איז צוריקגעקומען פון געפאנגענשאפט אין פלישתים.

וועלענדיג אלזא אויסבויען אין ירושלים, דאס גרויסע הייליג־הויז (בית המקדש) און דארט קאנצענטרירען אלע הייליגטימער, האט דוד בעשלאסען, צום ערשט לאזען ברענגען קיין ירושלים, דעם ארון מיט די לוחות, וועלכער האט זיך געפונען כמעט ווי אין א פריוואט־הויז.

דער דאזיגער אקט פון איבערפיהרען דעם ארון, איז דורכגעפיהרט געווארען מיט דער גרעסטער פייערליכקייט. אויפ׳ן בעפעהל פון קעניג דוד האבען זיך פערזאמעלט די חשוב׳סטע לייט און אויסדערוועהלטע פון אלע יודישע שטעדט, 30 טויזענד גרופען צו 3 מאן (ירושלמי) זענען געקומען, א חוץ די גאנצע יודישע בעפלקערונג פון קרית־יערים געגענד, דאס ארט וואו דער ארון האט זיך געפונען.

האט זיך אבער דער שטן אריינגעמישט אין אט דער פאלק׳ס־שמחה און עס איז פערגעסען געווארען א דין, וואס שטעהט בפירוש אין דער תורה. נעמליך, אז דער ארון ווערט איבערגעטראגען פון איין ארט אויפ׳ן צווייטען, נור דורך כהנים, וועלכע טראגען איהם אויף זייערע אקסלען, ביי די שטאנגען וואס געפונען זיך אין אלע פיער קאנטען פונ׳ם ארון. פון גרוים שמחה, האבען זיי עס אינגאנצען פערגעסען, און ביים איבערפיהרען דעם ארון־העדות, האט מען איהם ארויפגעלעגט אויף א נייע פיהר, און אבינדב׳ם קינדער, איינפאכע יודען נישט קיין כהנים, נעהמען פיהרען די פיהר מיט דעם ארון, און דער גרויסער יודישער עולם מיט׳ן קעניג דוד אין דער שפיץ געהען פאראויס, מיט די גרעסטע געזאנגען, און פרייד־אויסרופען. זיי זענען אזוי געגאנגען ביז׳ן פלאץ פון גרן־נכון וואו די אקסען וואס זענען געשפאנט אין דער פיהר זענען פלוצלונג פערציטערט געווארען און זיך ארויסגעריסען פון די פיהר, אזוי אז עזה אבינדב׳ס א זהון מיינט דאס דער ארון וועט אראבפאלען, און ער האט גענומען פעסט אנהאלטען אינ׳ם ארון.

דא איז שוין געקומען די שטראף פון גאט וועלכע האט דערגרייכט דירעקט עזה׳ן, וועלכער פאלט אויפ׳ן ארט א טויטער, און דער קעניג דוד ווערט א פערציטערטער; ער זעהט ווי עס קומט די פערדיענטע שטראף. אזוי אז מען פיהרט ווייטער נישט דעם ארון, וועלכער ווערט

אויפ׳ן וועג ארייגעשטעלט אינ׳ם הויז פון א געוויסען מאן מיט׳ן נאמען עובד־אדם.

און עס איז געקומען א שטארקע ברכה פון גאט אינ׳ם הויז און פאמיליע פונ׳ם זעלבען עובד־אדום, אזוי דאס דוד זעהט אז נישט בלויז געשטראפט ווערט מען, ביים אומגעהן נאהנט מיט׳ן ארון, נור אויך געבענטשט ווערט מען, אויב מ׳ווייסט צו זיין געווארענט ווי זיך אומצוגעהן ביי אזא הייליגקייט; און דער קעניג בעשליסט, פארטצוזעצען זיין פלאן און ברענגען דעם ארון העדות קיין ירושלים — חדשים לאנג האט זיך דער ארון געפונען ביי עובד׳ן, ביז ער ווערט נאכהער געברענגט קיין ירושלים, מיט גרויס פאראד. דאס גאנצע פאלק האט בעגלייט דעם ארון, געשאלט, געבלאזען מיט שופרות און טראמפייטען און געשפיעלט מיט אלערליי מוזיקאלישע אינסטרומענטען. דער קעניג אליין, איז געגאנגען פאראוים, און ארויסגעוויזען זיין גרעסטע הכנעה פאר׳ן ארון. ער האט נישט ארויסגעוויזען די מינדיסטע מלוכה׳שע צערעמאניע פאר זיין כבוד, נור געוועהנליך ווי אלע יודען און נאך איבערשטייגענדיג אלע, האט ער געטאנצט און געזונגען פאר פרייד ביז אהן א גרעניץ. דאביי האט דוד ארויסגעוויזען, דאס אויפ׳ן ארט וואו מאן דארף אבגעבען כבוד פאר גאט, איז נישטא קיין העכערער כבוד פאר א מלך.

אין ירושלים זענען אלע דעכער און פענסטער געווען בעלעגט מיט פרויען און קינדער, וועלכע זענען ארויס אויפ׳ן וואונדער אנצוקוקען די אנקומענדע פראצעסיאן מיט׳ן קעניג, וואס טאנצט אהן אויפהער פאראוים.

מיכל דעם קעניג׳ס פרוי, איז אויך ארויס אקעגען. צוגעזעהן דעם קעניג׳ס אויפפיהרונג, האט עס איהר שטארק פערדראסען. זי האט אזוי נישט צוגעזעהן ביי איהר פאטער דעם קעניג שאול, וועלכער האט שטענדיג געהיטען אויף א זעהר דיסציפלינארישען אופן, אז דעם מלך׳ס כבוד זאל נישט ערנידריגט ווערען, און ער האט זיך קיינמאל נישט בעוויזען פאר׳ן פאלק אהן דעם געהעריגען מלכות כבוד. ווען דוד איז אהיימגעקומען אין זיין פאלאץ זאגט איהם זיין ווייב מיכל מיט איהרע שטעך ווערטער: אך, ווי שעהן, ווי פיין דאס האט אויסגעזעהן: דער יודישער קעניג האט זיך היינט זעהר שעהן ארויסגעוויזען פאר אלע דיענסטען פון זיינע קנעכט. יא עס פאסט טאקי פאר שאול המלך׳ס איידעס, א גלייכעניש!

דוד האט איהר דערויף געענטפערט מיט שטאלץ: פאר וועמען האב איך עס געטהון און מיך ערנידריגט, אפשר פאר א שטערבליכען קעניג? געטהון האב איך עס לכבוד גאט, לכבוד דעם קעניג פון אלע

קעניגען! די לייט פון דיין משפחה האבען געשווינט דעם אייגענעם כבוד, אפילו ווען עס האט זיך געהאנדעלט ביי מכניע זיין פאר גאט׳ס כבוד, איך אבער טהו פערקעהרט: „צוליב גאט לעג איך אוועק מיין כבוד״, און מכוח דעם וואס דו זאגסט „דיענסטען״ —ניין, נישט קיין דיענסטען — מאמעס זענען זיי, מאמעס פון יודישע קינדער, איך שטאלציר מיט זיי!

און וועגען דעם האט דוד זיך אויסגעדריקט אין זיין שיר המעלות:

— גאט! מיין הארץ האט זיך נישט געגרויסט — ווען שמואל האט מיך פאר א קעניג געזאלבט, „און מיינע אויגען האבען זיך נישט פערריסען״, ווען איך האב גלית׳ן בייגעקומען, „איך האב זיך נישט שטארק איבערגענומען — ווען דו האסט מיך צוריק אויף מיין שטוהל אומגע־קעהרט „און זיך נישט גרויס געהאלטען, ווען איך האב דיין הייליגען ארון אויף זיין ארט געבראכט. „ווי א קליין קינד פאר זיין מאמען האב איך זיך געהאלטען פאר דיר״ — איך פאל מיט מיין אויפפיהרונג ביי זיך נישט אראב און שעהם זיך נישט מיט דעם, געטהון האב איך אלץ פון דיין כבוד וועגען.

דעם ארון וואס דוד האט געברענגט אין זיין רעזידענץ־שטאדט, האט ער בעלאזט אוועקשטעלען אין א ספעציעלען געצעלט, לויט׳ן מוסטער פון אהל מועד, וואס משה רבינו האט געלאזט מאכען אין דער מדבר (זעה 2־טען באנד), און דארט איז אויך געווען דער כהן אביתר (עלי הכהנ׳ס א אייניקעל) מיט׳ן אורים ותומים, וועלכער האט זיך פעראייניגט מיט דוד׳ס מחנה נאך אין די צייטען ווען זיי זענען פערפאלגט געווארען פון שאול׳ן (זעה אויבען). אין גבעון ווידער, איז ווייטער געבליבען דער הויפט־פלאץ פאר קרבנות וואס די יודען האבען געברענגט, דארט איז אויך געווען דער הויפט־כהן צדוק, א זוהן פון אחיטוב.1)

(נאך פון די צייטען פונ׳ם קעניג שאול, ווען אביתר הכהן איז אנטלאפען מיט׳ן אורים ותומים אין דוד׳ס מחנה, האט צדוק פערנומען דעם אמט פון כהן גדול, שפעטער ווען דוד איז געווארען מלך, האט ער אבער דאך נישט געוואלט אבשטויסען פון זיין אמט צדוק׳ן, וועלכער פערבלייבט אין גבעון, און אביתר אין ירושלים, אינ׳ם אהל־מועד וואו דער ארון געפונט זיך).

---

1) די דאזיגע צוויי כהנים האבען געשטאמט פון צוויי דינאסטיעס — צדוק, פון אהרן הכהנ׳ס עלטערען זוהן אלעזר, און אביתר, פון אהרן הכהנ׳ס צווייטען זוהן—איתמר. די לעצטע דינאסטיע איז געווען ביי דער כהונה גדולה נור א געוויסע צייט. דאס רוב יאהרען אבער איז די כהונה־גדולה געווען ביי דער דינאסטיע נאך אלעזר הכהן.

און אזוי איז אוועק א צייט, און עס וואקסט, נישט בלויז דער רוהם פון דוד המלך נור אויך דער רוהם פון יודישען פאלק, ווערט כסדר דערהויבען אונטער דער פיהרונג פון דוד׳ן. דען אין דער צייט, וואס אלע מלכים האבען שטענדיג געזוכט נור צו דערהויבען דעם אייגענעם כבוד, האט דוד פערקעהרט, שטענדיג נור געזוכט די טובה פון זיין פאלק און זיך מיט זיי פעראינטערעסירט, ארויסווייזענדיג ביי יעדע געלעגענהייט זיין ענוה און אונאייגעננוציגקייט, ביי יעדען וויכטיגען ענין.

און נישט נור זיין אייגען פאלק ווערט הארציג צוגעבונדען אין א פעסטער טריישאפט צו זייער מלך, נור אויך די ארומיגע שכנות׳דיגע מלכים, וועלכע האבען פערשטאנען צו לעבען אין שלום מיט דוד׳ן. אויסגעצייכענט פון זיי אלע האט זיך דער מלך פון צור, חירם וועלכער האט ביי יעדער געלעגענהייט, געזוכט אבצודיענען די יודען מיט טובות, פאר דער פריינדשאפט וואס דוד האט געהאלטען מיט זיין מלוכה. די צור־לייט זענען געווען צופריעדען פונ׳ם וואוקס פון דער יודישער מלוכה, וועלכע האבען דערשלאגען די פלישתים׳ער, וועלכע האבען זיך גערעכענט אין יענע צייט פאר די איינציגע קונקורענטען מיט די צור־לייט, וועלכע זענען געווען די סוחרים און אונטערנעהמער פאר פיהרען א גרויסען וועלט־האנדעל. א חוץ דעם, האבען די צור־לייט אויך געהאט א זיכערען דורכגאנג פאר זייערע סוחרים־קאראוואנען וואס פלעגען זיך לאזען ביז עגיפטען און אפריקע, און וועלכע האבען געמוזט דורכגעהן ארץ־ישראל. דוד המלך ווידער האט אויסגענוצט דעם שלום מיט דער צור־מלוכה, וועלכע האט אראבגעשיקט איהרע קינסטלערישע בעלי־מלאכות, וועלכע האבען מיטגעהאלפען אויסבויען די שענסטע געביידעס פון ירושלם, אזוי אז די שטאדט איז געוואקסען פון טאג צו טאג, די בעפעלקערונג פערגרעסערט זיך כסדר, און די גרענעצען פון שטאדט האבען זיך ארויסגערוקט ווייט און ברייט.

און דוד האט אייגעזעהען, אז ירושלים איז בעשטימט צו זיין נישט בלויז די רעזידענץ־שטאדט פון דער מלוכה, נור אויך דער צענטראל וואס זאל פעראייניגען די מלוכה מיט די יודישע הייליגקייטען, אז ירושלים דארף יעצט ווערען א חוץ דאס ארט פון מקדש, אויך דער גרעסטער תורה־צענטער. דער געדאנק אז זיין מלוכה איז שוין אויסגעוואקסען ביז דער גרעסטער מדריגה, אויך די מלוכה־פאלאצען אין מלוכה־ארדנונגען זענען איינגעפיהרט געווארען אויפ׳ן בעסטען אויפן, און דאך געפונט זיך נאך אלץ דער געטליכער ארון אין א געצעלט אונטער פאהראנגען דער דאזיגער געדאנק האט דוד׳ן נישט געלאזט שלאפען, ביז ער האט בעשלאסען, זיך נעהמען צו דער ארבייט אויפצובויען דעם בית־המקדש.

איז אבער געקומען נתן הנביא, אין גאט'ס שליחות צו דוד'ן, וואס מ'האט איהם געזאגט בנבואה פון הימעל, אז די אויפגאבע צו בויען דעם בית המקדש איז בעשטימט פון הימעל, עס זאל אויסגעפיהרט ווערען דורך דוד המלך'ס זוהן שלמה, וועמענס מלוכה עס וועט זיין א פאלקאם רוהיגע און זיכערע, און אין זיינע צייטען, וועלען די יודען דערלעבען די רוהיגסטע צייט אין לאנד. דוד האט זעלבסט־פערשטענדליך געבויגען דעם קאפ פאר אט דער נבואה, און ער האט שטארק תפילה געטהון פאר גאט, גלייכצייטיג געדאנקט פאר דער הבטחה, אז זיין זוהנ'ס מלוכה וועט אזוי הויך אויסוואקסען. דאך האט דוד המלך געטהון אלע זייניגע, אום פארצובערייטען דאס מעגליכע מאטעריאל און געלד־מיטלען פאר בויען דעם בית המקדש, בכדי זיין זוהן דער מלך שלמה, זאל שוין האבען אלץ גרייט. דאס גאנצע פערמעגען וואס דוד האט אנגעזאמעלט במשך פון זיין מלוכה, און אויך בעת די מלחמות אין פרעמדע לענדער, אלץ האט ער געלאזט אויפזאמלען אין א גרויסען אוצר, וואס ער האט איבערגעגעבען אונטער דער האנד פון א בעזונדערען היכען בעאמטען, שבואל וועלכער שטאמט פון גרשום, משה רבינו'ס זוהן. 1230 מיליאן גאלד־דוקאטען, 1200 מיליאן פונט זילבער און 18,000 מיליאן פונט בראנז, האט דוד איבערגעלאזט פאר'ן בית־המקדש, אחוץ דאס געהילץ־ווארג, צוגעהאקטע שטיינער, ווערטפולע שטיינער, א. א. דוד האט אויך פארגעברייטעט דעם פלאץ פאר'ן בית־המקדש, וואס ער האט אבגעקויפט ביים יבוסי, ארונה 1), דאס איז געווען דער פלאץ ארום דעם בארג מוריה, וואס עס האבען פערנומען די יבוסים, און וועלכע דוד האט נישט געוואלט פערניכטען דורך א מלחמה צוליב'ן פערשפרעך, וואס עס האט זיי געגעבען אין זיין צייט, אברהם אבינו ווען ער האט געקויפט דעם פלאץ פאר דער מערת־

---

1) דעם דאזיגען פלאץ, האט דוד געקויפט נאכדעם, ווי גד הנביא זאגט דוד'ן בנבואה, ער זאל אויפשטעלען דארט א מזבח, און נאכדעם ווי ער זעהט אז עס איז אראבגעקומען א הימלישער פייער, און, אז דארט דארף אויך אויפגעשטעלט ווערען דער בית־המקדש, האט ער פון ארונה אבגעקויפט דעם גאנצען פלאץ ארום. ארונה האט דוד'ן געוואלט אוועקגעבען דעם פלאץ אומזיסט, נור דוד האט נישט געוואלט. אויך די 600 גאלד־טאהלער וואס ער האט בעצאהלט ארונה'ן, פאר'ן פלאץ, האט דוד אויפגעזאמעלט, צו 50 טאלער פון יעדען שבט, בכדי אלע יודען זאלען האבען א חלק אין בית־המקדש.

המכפלה, ביי עפרון החתי (זעה 1־טען באנד 2).

און נישט בלויז דעם בוי פון בית־המקדש, נור אויך דעם אינערליכען סדר פון די עבודות אין בית־המקדש, האט דוד פארגעבריים, צוזאמען מיט די סנהדרין און מיט רוח־הקודש וואס האט אויף דוד׳ן גערוהט. זאגאר די תפלות און לויב־געזאנגען ביי פערשיעדענע מאמענטען, האט דוד צוזאמענגעשטעלט מיט רוח הקודש. ער האט אויך פעסטגעשטעלט א סדר און בעשטימט די 24 משמורות פון כהנים און לוים, ווי אויך א רייה פערשיעדענע אמטען אין בית־המקדש, אזוי אז שלמה המלך האט געהאט פאר זיך דעם געהעריגען פלאן און די נויטיגע מאטעריאלען, לויט וועלכע ער האט שפעטער אויסגעבויט דעם בית המקדש.

## ג. די גרויסע מלחמות וואס דוד האט געפיהרט.

די יודישע ארמע און די מלוכה־לייט. — די מלחמה אויפ׳ן פלישתים׳ער באדען. — די ווייטערדיגע מלחמות מיט מואב און אדום. — דער אורטייל פון די סנהדרין. — די זיעגרייכע מלחמות מיט סיריען, מעסאפאטאמיען, מיט די עמונים און ארום׳ער. — דוד׳ס אויסגעשפרייטע ממשלה אין אזיען.

דוד׳ס מלוכה פראגראם איז געווען פונקט ווי ער האט געזוכט צו שאפען דעם גרויסען רעליגעזען צענטער, וואס זאל פעראייניגן אלע יודען און דערהויבען דעם נאמען פון יודישען פאלק, אזוי האט ער דאס זעלבע געזוכט צו דערגרייכען דורך זיינע מלחמה־נצחונות מיט די שכנות׳דיגע פעלקער, און מיט׳ן אויסברייטען די גרענעצען פון ארץ־ישראל, אז דאס יודישע לאנד און מלוכה זאל פערנעהמען דעם חשוב׳סטען פלאץ צווישען די פעלקער, און אז אלע אנדערע פעלקער זאלען זיך

---

2) אין יענער צייט, האבען עס די חתים פערזאגט פון אברהם אבינו, ער זאל זיי עס פערזיכערען, אז ווען די יודען וועלען קומען קיין ארץ ישראל, זאלען זיי מיט זייערע אייניקלעך, נישט פערפיהרען קיין אפענזיווע־מלחמות. די יבוסים וואס שטאמען פון יענע בני־חת, האבען אט די פערזיכערונג פון אברהם אבינו, אויפגעשריבען אויף ספעציעל אויפגעשטעלטע סלופעס. יואב דער אנפיהרער אין דוד׳ס ארמע, האט פערנומען דאס ארט פון די יבוסים, ערשט ווען די דערמאנטע סלופעס זענען ארונטערגעריסען געווארען, און דוד לאזט זיי פריי וואוינען אין פערשיעדענע פונקטען. דעריבער, האט דוד המלך אויך געזוכט מיט גוטען, דורכצוקומען מיט דעם יבוסי ארונה, וועלכער פרעגט איהם אב, דעם פלאץ פאר׳ן בית המקדש.

אראבנעהמען א מוסטער. פון יודישען פאלק, ווי זיי פיהרען א לעבען אויף די העכסטע מאראלישע יסודות.

צוליעב זיינע אפטע נצחונות, האבען זיך אין איהם מקנא געווען די ארומיגע פעלקער, וועלכע זענען שטענדיג גרייט ביי דער ערשטער געלעגענהייט, אנצופאלען אויף דער יודישער מלוכה. דאס האט געברענגט דאצו, אז דוד האט געלאזט ארגאניזירען א שטענדיגע ארמע, מיט א מוסטערהאפטען ארדנונג, און מיט בעריהמטע העלדישע אנפיהרער. די צאהל פון דוד׳ס ארמע, האט דערגרייכט ביז 288 טוזענד מאן וועלכע האט זיך פערטיילט אין 12 גרופען, לויט די 12 יודישע שבטים, יעדע גרופע האט געצעהלט 24 טויזענד מאן, מיט איהרע אייגענע אנפיהרער אין דער שפיץ. אין פרידענ׳ס-צייט, זענען די גרופען געווארען, נור איין מאל אין יאהר, יעדע גרופע האט געדיענט א חודש אין יאהר. א חוץ די מיליטערישע אנפיהרער, האט דוד אויך בעשטימט בעזונדערע אמטען מיט ספעציעלע אנפיהרער, אויף די מלוכה־אוצרות און אויף די מלוכה־פערמעגענ׳ס און נחלאות — יעדעס ארט פערמעגען האט זיך געהאט זיין בעזונדערען אמט.

צווישען די מלוכה־לייט וואס האבען פערנומען דעם ערשטען פלאץ ביים קעניג, זענען געווען:

יואב — דער הויפט־אנפיהרער פון די ארמע, א זוהן פון דוד׳ס שוועסטער צרויה. ער האט זיך פעראייניגט מיט דוד׳ן, נאך אין דער ערשטער צייט ווען דוד איז פערפאלגט געווארען פון שאול׳ן, און ביז זיין לעצטען טאג איז ער געבליבען טריי דוד׳ן. די גרויסע נצחונות און העלדענטהאטען וואס יואב האט בעוויזען אין די מלחמות פאר דוד׳ן, האבען איהם דערהאלטען אויף זיין הויכען אמט, חאטש עס זענען געווען צייטען, ווען דוד איז מיט איהם נישט געווען צופריעדען, און ער האט געטראכט וועגען בעשטימען א אנדערען הויפט־אנפיהרער איבער די ארמע אויף יואב׳ס ארט.

אבישי — א צווייטער ברודער פון יואב׳ן, וועלכער האט געהאט אונטער זיך א דריטעל פון דוד׳ס ארמע, בעת זיין ברודער יואב האט געהאט אונטער זיך צוויי דריטעל ארמע. אויך אבישי איז געווען איינער פון די ערשטע און טרייעסטע דוד׳ס מענשען, און נישט איינמאל האט ער געשטעלט זיין לעבען אין געפאהר, מיט וועלכען ער האט אבגעראטעוועט דוד׳ס לעבען פון זיינע פיינד צו וועלכע דוד איז אריינגעפאלען.

אדורם — איהם האט דוד בעשטימט אלס הויפט־מאן איבער די איינגעפלאסענע שטייערען, נאכדעם ווי מען האט זיך בעקלאגט פאר

דוד'ן, אז עס פיהרט זיך נישט קיין גוטער ארדנונג ביי אויפפאהסנען און פערצייכענען די שטייערן.

בניה בן יהוידע — דער ראש פון די סנהדרין, איינער פון די גרעסטע תורה־אויטאריטעטען אין זיין צייט, וועלכער איז גלייכצייטיג געווען איינער פון די גרעסטע העלדען, און א אנפיהרער פון א ארמעע־גרופע (24,000 מאן האט ער געהאט אונטער זיך — אין שלמה המלך'ס צייטען איז בניה בעשטימט געווארען אלס הויפט־מאן פון דער ארמעע).

יהושפט — דער הויפט סעקרעטאר פון קעניג.

עירא היאירי — ער איז געווען דער הויז־אויפזעהער און פערזענליכער ראטגעבער פון קעניג, נאכדעם ווי צווישען דוד'ס קינדער האבען זיך אנגעהויבען צאנקערייען וועגען דער מלוכה נאך דוד'ס טויט.

א חוץ זיי, האבען פערנומען א חשוב'ן פלאץ ביים קעניג, די כהנים צדוק בן אחיטוב און אביתר (זעה אויבען).

דוד'ס מלוכה און אויך די ארמעע איז געווען אוועקגעשטעלט אין בעסטען ארדנונג, און נאכדעם ווי ער דערוויסט זיך די נבואה, אז דאס בויען דעם בית המקדש ווערט אבגעלעגט ביז די מלוכה־צייט פון זיין זוהן שלמה, ווען דאס פאלק און לאנד וועט זיין פערזיכערט מיט א מנוחה'דיג לעבען, און וועלען נישט זיין בעדראהט פון די אנפאלען פון די ארומיגע מלוכות, האט דוד איינגעזעהן אז דאס איז זיין אויפגאבע צו פערענדיגען אלע מלחמות, וואס די יודען מוזען פיהרען מיט די שכנות'דיגע מלוכות און פערזיכערען די איבערהאנד פון יודישען פאלק, איבער אלע ארומיגע שכנים.

דאס ערשטע מאל איז יעצט דוד המלך מיט זיין מחנה אריבער אויפ'ן באדען פון פלישתים־לאנד, דארט ארויסגערופען מיט זיי א מלחמה, מיט'ן צוועק צו געבען די פלישתים אזא דעצידירענדען שלאכט, דאס עס זאל מאכען א סוף צו זייערע פלענער וואס זיי טראכטען נאך אמאל זיך צו שטארקען איבער די יודען. אין יענער מלחמה, האט אויך דוד נאך א געהעריגען נצחון, אבגעריסען פונ'ם פלישתים־לאנד גאנצע קאנטען, צווישען אנדערע דעם קאנט גת און די ארומיגע געגענדען.

אבגעפארטיגט זיך מיט די פלישתים'ער, האט דוד ארויסגעשטעלט זיינע חיילות געגען די מואב'ער, אין וועלכע דוד האט געוואלט נקמה נעהמען פאר'ן טויט פון זיין פאטער און מוטער און זיינע ברידער. דען, ווען דוד מיט זיין פאמיליע זענען פערפאלגט געווארען פון שאול'ן האט דוד זיך איינגעבעטען ביים קעניג פון מואב, ער זאל ביי זיך איבערלאזען זיין פאטער'ס פאמיליע, ביז דוד וועט זיך דערשלאגען צו א שטיקעל מנוחה. צום סוף אבער, האט דער קעניג פון מואב געלאזט

ערמאָרדען דוד'ס פאָטער און מוטער אויך. דוד'ס ברידער, נור איינער וואָס האָט זיך געראַטעוועט מיט'ן לעבען, און ער איז אַנטלאָפען צום קעניג נחש פון די עמונ'ער. האָט עס פערדראָסען דעם מלך מואב, וועלכער שיקט בעטען נחש'ן, ער זאָל איהם אַרויסגעבען דוד'ס לעצטען ברודער וואָס איז אַנטלאָפען צו די עמונים. דער עמון־קעניג האָט אָבער דוד'ס ברודער נישט אַרויסגעגעבען, און האָט איהם ביי זיך געהאַלטען ביז דוד איז אָנגעקומען. דערפאַר, האָט עס דוד געדענקט די טובה וואָס דער עמון־קעניג האָט איהם געטהון (זעה ווייטער) אָבער פון די מואב־לייט, האָט ער געזוכט צו נעהמען נקמה.

ווען דוד'ס אַרמעע איז געגאַנגען אין דער מלחמה קעגען די מואב־לייט, האָבען זיי אויפ'ן וועג געטראָפען די אדומ'ער אַרמעע, מיט וועלכע יואב האָט גערעכענט צו פערפיהרען אַ מלחמה. האָבען די אדומ'ער געשיקט יואב'ן אָנווייזען אויף דעם וואָס שטעהט אין דער תורה, ווען די יודען זענען געגאַנגען אויפ'ן וועג פון מצרים קיין ארץ־ישראל, נאָך אין די צייטען פון משה־רבנו, אַז זיי מוזען אויסמיידען די אדומ'ער, און נישט פיהרען מיט זיי קיין מלחמה. שפּעטער האָבען אויך די מואב־לייט זיך געוואָלט אַרויסדרעהען זיך פון אַ מלחמה מיט די יודען, מיט'ן זעלבען מאָטיוו האָט עס יואב געשיקט זאָגען דוד'ן, וועלכער שטעלט זיך פאַר די סנהדרין און בעט מען זאָל איהם ערלויבען אָנצו־ווייזען אַ מאָטיוו, אַז די אדומ'ער און מואב־לייט האָבען נישט קיין רעכט. דוד ווייזט, אַז אין דער תורה שטעהט, דאָס די יודען דאַרפען נישט אויפרייצען די אדומ'ער און מואב'ער צו קיין מלחמה, אָבער נישט אין יעצטיגען פאַל, ווען זיי אַליין האָבען געבראָכען אָט דעם בעפעהל, און זיי זענען שוין גענוג מאָל אָנגעפאַלען אויף די יודען, מ'קען דאָך די יודען נישט פערזיכערען זייער עקזיסטענץ, אויב מען וועט נישט אויפנעהמען די מלחמה.

ווען דוד האָט בעקומען אַ ערלויבעניש פון די סנהדרין, האָט ער געשיקט יואב'ן דעם בעפעהל, זיך צו לאָזען אין דער מלחמה. יואב אָבער האָט בעשלאָסען צום ערשט צורוה־לאָזען די אדומ'ער, בכדי די יודישע אַרמעע, זאָל האָבען אונטער זיך אַ לאַנד פון וואַנען זיי זאָלען זיך קאָנען בעזאָרגען מיט די נויטיגע שפּייז־זאַפּאַסען, און יואב לאָזט זיך נור אין אַ מלחמה מיט די מואב־לייט, וועלכע זענען ענטגילטיג בעזיעגט געוואָרען.

אָבגעפאַרטיגט זיך מיט די פעלקער אין קליין אזיען, האָט דוד ווייטער געשיקט זיינע חיילות אין די מלחמות וואָס זיי האָבען געפיהרט מיט די פעלקער אין מעסעפּאָטאַמיען און סיריע. צום ערשט האָבען די

יודישע חיילות געפיהרט מלחמה מיט די חיילות פון קעניג פון צובה, הדרעזער. דער לעצטער האט געהאט זיין ממשלה איבער'ן גאנצען קאנט פון טייך פרת, ביז צו דער גרענעץ פון יודישען לאנר, וואו די סיריער האבען אוועקגעשטעלט א מאנומענט, אז דא דערגרייכט זייער ממשלה. דוד'ס חיילות האבען אט דעם מאנומענט צערשטערט, און אין דער שפּעטער־דיגער מלחמה, וואס איז געפיהרט געווארען צווישען די צוויי פיינדליכע מחנות, האבען די יודען אבגעהאלטען א שטארקען זיעג און פון די סיריער (צובה) פאלען אין דער מלחמה 1700 רייטער־מיליטער און 20,000 טויזענד פוס־געהער.

דאן זענען געקומען די מעסאפּאטאמישע חיילות, העלפען זייערע פערוואנדטע, די בעזיעגטע סיריער. די נייע מחנה ווערט אבער שנעל בעזיעגט דורך די יודישע מחנות, וועלכע האט דערשלאגען ביז 22 טויזענד מאן פון די סיריער. און דאס גאנצע לאנד זייער'ס פאלט ארונטער דוד'ס ממשלה, און עס ווערען בעשטימט יודישע פירשטען וואס פערוואלטען מיט סיריען, אין נאמען פון דוד המלך.

אין יענער צייט איז געשטארבען דער קעניג פון די עמונים, נחש, וועמען דוד האט שטענדיג געדענקט די טובה וואס ער האט אבגע־ראטעוועט זיין ברודער פון מואב־קעניג'ס הענד, וועלכער האט געזוכט צו ערמארדען דוד'ס לעצטען ברודער, וועלכער האט זיך אויסבעהאלטען ביים קעניג פון די עמונים (זעה אויבען). און דוד האט געשיקט זיינע שלוחים, צו טרייסטען דעם נייעם קעניג חנון, נאכ'ן טויט פון זיין פאטער דעם קעניג נחש. די הויפּט־לייט פון די עמונ'ער האבען אבער איינגערעדט חנונ'ען, אז דוד מיינט נישט קיין פריינדשאפטליכען גרוס, נור ער שיקט זיינע שלוחים אויסצושפּיאנירען דאס לאנד, וואו ער רעכענט שפּעטער צו קומען אויף א מלחמה. האט דער יונגער עמון־קעניג זיך געלאזט איבעררעדען פון זיינע ראטגעבער, צו פערשעמען די יודישע שלוחים פון דוד המלך, ווען מ'האט אבגעשניטען יעדען א האלבע בארד און צו האלבע מלבושים, און אזוי זיי אבגעשיקט א היים. דוד'ן האט די דאזיגע געשיכטע שטארק פערדראסען, און ער האט געשיקט זיינע חיילות, וועלכע האבען געפיהרט א לאנגע מלחמה מיט די עמונ'ער, און צום סוף האבען זיי פערנומען דאס גאנצע לאנד וואס פאלט אויך ארונטער די ממשלה פון דוד המלך.

די בעזיעגטע סיריער און מעסאפּאטאמיער, האבען אבער נישט אזוי לייכט שלום געמאכט מיט זייער גורל, און ווען דוד'ס חיילות זענען געווען פערטהון אין נייע מלחמות, האבען די ערשטע ערקלערט א אויפשטאנד געגען דוד'ס ממשלה, און עס איז געקומען צו א צווייטער

נייע מלחמה, צווישען די חיילות פון דוד'ן מיט די סיריער און מעסאַ־פאטאמער. אין דער דאזיגער מלחמה האבען זיך בעטייליגט אויך די אדום'ער, וועלכע זענען געקומען העלפען זייערע שכנים, די סיריער און מעסאפאטאמער, געגען דוד'ס חיילות. דער רעזולטאט פון די מלחמות, האט זיך אויך געענדיגט מיט א גלענצענדען נצחון פאר דוד'ס חיילות, וועלכע האבען טויט געשלאגען א גרויסע צאהל פון די פיינדליכע חיילות. — בלויז פון די אדום'ער, זענען געפאלען אין דער ערשטער מלחמה, 12,000 מאן און אין א צווייטער מלחמה — 18,000 מאן, אזוי אז דוד'ס ממשלה האט זיך אויסגעשפרייט, אחוץ אויף סיריען און מעסאפאטאמיען, אויך אויף אדום, וואו דוד בעשטימט זיינע פירשטען וואס פערוואלטען מיט'ן לאנד אין נאמען פון דוד'ס ממשלה.

## ד. די מלוכה־פיהרונג ביי דוד'ן.

די שטרענגע געזעצליכקייט און גערעכטיגקייט. — דוד'ס בעציהונג צו יחידים און צו רבים. — זיין רבי און נאהנטסטער ראטגעבער מפיבושת.

און דוד האט געפיהרט זיין גרויסע מלוכה, מיט גערעכטיגקייט און צדקה. קיינער האט נישט געקענט אויסמיידען דאס געזעץ, אפילו דער גרעסטער אריםאן, האט זיך געמוזט אונטערווארפען דעם גערעכטען אורטייל, און ווען ער האט נישט צו בעצאהלען דאס וואס פון איהם קומט, האט דוד בעפוילען ארויסצוגעבען פון זיינע אוצרות, די יעניגע וואס קענען זיך נישט גלייכשטעלען פאר'ן געזעצליכען אורטייל מיט זייער אייגען געלד. אויך דוד אליין, און נאך איהם אלע מלכים פון דוד'ס דינאסטיע, האבען געמוזט בויגען דעם קאפ פאר'ן אורטייל פונ'ם געזעץ.

דעם גרויסען טייל פון זיין צייט פלעגט דוד אבשפארען פאר לערנען, דאווענען און גאט לויבען. א הארפע איז געהאנגען איבער דוד המלך'ס בעט. אלע האלבע נאכט פלעגט קומען א צפון־ווינט און שטיל אריינבלאזען אין דער הארפע און זי פלעגט אנהויבען אליין שפילען. דאמאלס דערהויבט זיך דוד און שטעלט זיך גאט לויבען ביז פריה־מארגען. אין דער פריה קומען צו איהם די חכמי ישראל, און זאגען:

אדוני קעניג, דיין פאלק ישראל דארף פרנסה! ענטפערט ער זיי: לאזען זיי זיך מפרנס זיין איינער פון צווייטען. זאגען זיי: די גרוב ווערט נישט פול פון אייגענעם זאמד; זאגט ער: געהט לאזט זיך מיט די חיילות אין שלאכט.

פלעגט מען באלד זיך אנ'עצה האלטען מיט'ן ערשטען ראטגעבער אחיתופל, בעראטען זיך מיט די סנהדרין, פרעגען דעם אורים־ותומים, און ארויסגעהן אין דער מלחמה. און אזוי איז קיין שום זאך נישט געטהון געווארען אהן דעם פריהערדיגען ישוב; זאגאר ווען דוד האט זיך געשטעלט גאט לויבען, האט ער עס פריהער נישט געטהון ביז ער האט זיך ווי געהעריג גלייך געשטעלט.

זיין בעציהונג צו מענשען איז געווען העכסט רחמנות'דיג. זאגאר צו די מענשען וואס האבען פערדיענט די גרעסטע שטראף, האט ער מעהרסטענטהייל ארויסגעוויזען זיין מילדקייט און גוטהארציגקייט. א בעזונדער בעציהונג האט ער געהאט צו די פאמיליע פונ'ם קעניג שאול, הויפטזעכליך צו מפיבושת'ן, דער זוהן פון יונתן. דער דאזיגער מפיבושת איז געווען זעהר נאהנט צו דוד'ן, וועלכער טהוט נישט קיין שום זאך אין דער הלכה, אהן פריהער צו פרעגען די מיינונג פון מפיבושת'ן, וועלכער האט זיך גערעכענט פון די גרעסטע תורה געלעהרטע.

ווען דוד האט איינגעשטעלט א פעסטען ארדנונג אין זיין מלוכה, האט ער דאן געדענקט אין שאול'ס קינדער, הויפטזעכליך אין די קינדער פון יונתן שאול'ס זוהן, דער בעסטער פריינד פון דוד'ן ביי זיין לעבען. שאול'ס קינדער אבער, האבען זיך אויסבעהאלטען פאר דוד'ן, אויס מורא פיללייכט וויל'זיי דוד פערניכטען, בכדי עס זאל נישט בלייבען קיינער פון שאול'ס קעניגליכען פאמיליען הויז און עס זאל קיינעם נישט איינפאלען צו דערהויבען א אויפשטאנד געגען דוד'ן, מיט'ן צוועק אומצוקעהרען די מלוכה צו שאול'ס קינדער און נאכפאלגער 1).

דוד האט אבער אנדערש געטראכט. א חוץ וואס ער טראכט נישט קיין שלעכטס וועגען זיי, האט ער גאר געהאט בדעה צו דערהויבען שאול'ס קינדער און אייניקלעך, און זיי בעשטימען צווישען די העכערע מלוכה־לייט. דוד האט זיך אנגעהויבען נאכפרעגען, צי עס איז פארהאן צווישען שאול'ס קינדער און אייניקלעך, אזעלכע וואס זאלען זיין פעהיג צו פערנעהמען א הויכען מלוכה־אמט.

און עס האט זיך פארגעשטעלט פאר'ן קעניג דוד, איינער פון די געוועזענע דיענער ביים קעניג שאול מיט'ן נאמען ציבא, וועלכער האט דוד'ן אנגעוויזען אויף מפיבשת'ן דעם זוהן פון יונתן און א אייניקעל פון שאול, וועלכער איז הינקעדיג (זעה אויבען). דאביי האט ציבא זיך

---

1) אזוי פלעגען ווירקליך פיהרען א סך מלכים, וועלכע האבען פערניכטעט די פראהן־בערעכטיגטע פון די פריהערדיגע קעניגען, און שאול'ס קינדער האבען איבער־געטראכט, פיללייכט וועט דוד'ן איינפאלען א געדאנק צו טהון ווי יענע מלכים.

בעטיהט אבצושוואכען מפיבושת׳ס פרעסטיזש, ווייל ער האט איהם מקנא געווען, מיט דעם כבוד וואס עס שטעהט איהם ערשט פאר. דער לעצטער ווערט ארויסגערופען פאר׳ן קעניג דוד, און עס האט זיך באלד ארויס־געוויזען, דאס מפיבושת איז איינער פון די גרעסטע יודישע מענער. האט דוד ארויסגעגעבען א קעניגליכען בעפעהל, אומצוקעהרען מפיבושת׳ן אלע גיטער און פערמעגענס וואס האבען פריהער געהערט צו קעניג שאול און מפיבושת ווערט איינגעלאדען צו זיין שטענדיג ביים קעניג׳ס טיש אין הויז, ציבא מיט זיין גאנץ הויז־געזינד, ווערען ווייטער בעשטימט צו זיין פון די דיענערשאפט ביי מפיבושת׳ן. פון יענער צייט אן, איז מפיבושת געווען דער נאהנסטער ראטגעבער און וועג־ווייזער פון קעניג דוד, וועלכער טהוט נישט די מינדעסטע זאך, ביז ער פרעגט פריהער א עצה ביי מפיבושת׳ן.

## ה. שווערע מאמענטען אין דוד׳ס לעבען.

דוד׳ס הויכע מדריגה און זיינע ליידען. — ווי ער איז ארויינגעפאלען צום פיינד אין האנד. — זיין רחמנות אויף די קינדער. — ווי אבישי האט איהם ארויסגעראטעוועט. — די חתונה פון דוד מיט בת-שבע. — דער טויט פון איהר ערשטען מאן אוריה. — די שטראף-רייד פון נתן הנביא און דוד׳ס האלטונג. — זיין ביישפיעל פאר א בעל-תשובה.

וואס א העכערע מדריגה איינער דערגרייכט, אלץ גענויער און פארזיכטיגער דארף ער גלייכשטעלען זיין לעבענ׳ס־שטייגער און זיינע האנדלונגען, אויף די מינדיסטע קלייניגקייט ווערט ער שטרענג בעשטראפט פון הימעל — דאס וואס פאר א קנאפערען מענש איז מען פון הימעל מוחל, מוז אבער דער צדיק אבקומען דאס זייניגע אויף דער וועלט; „מיט צדיקים איז מען פון הימעל שטרענג, אויף א קלייניקייט זאגאר".

און אזוי האט אויך דוד המלך געליטען, שווערע מאמענטען האט ער דורכגעלעבט וואס האבען איהם אבער נישט ענטמוטיגט; פערקעהרט, דוד זוכט שטענדיג דעם וועג ווי מען דארף זיך גלייכשטעלען פאר גאט, וואס ער געפינט אין די טיעפסטע געפאלענסטע מאמענטען, און ער לערענט עס די יודען אויף שטענדיג, דעם וועג פון הארציגער תשובה און אמת׳ער צובראכענהייט, וואס עס קען דעם מענש דערהויבען פון זיין נידריגסטער געפאלענסטער מדריגה ביז צו דער העכסטער מאראלישער הויך.

גאט האט געזאגט צו דוד׳ן: ביז וואנען וועסטו בלייבען אונבע־שטראפט פאר דיין זינד? צוליעב דיר האט שאול געלאזט אומ׳הרג׳ענען

די שטאָרט נוב מיט אַלע דאָרטיגע כהנים, צוליעב דיר איז שאול מיט אַלע קינדער און קינד'ס קינדער אומגעקומען.

דאַכט זיך אַז דוד האָט נישט מיטגעווירקט צו דעם גרויזאַמען סוף פון נוב און פון שאול'ן, פערקעהרט — דוד האָט נור געליטען און איז פערפאָלגט געוואָרען פון שאול'ן. קוים אָבער איז דוד געווען די סיבת, צוליעב וועלכען עס האָבען געליטען די כהנים פון נוב און שאול מיט זיינע קינדער, ווערט עס פאַר אַזאַ צדיק ווי דוד המלך, צו־געשריבען פאַר אַ זינד.

און גאָט זאָגט צו דוד'ן: קלויב דיר אויס אַ שטראָף! אָדער אַלע דיינע קינדער זאָלען אומקומען, אָדער דו אַליין זאָלסט אַריינפאַלען אין דיין פיינד'ס האַנד.

ענטפערט דוד: בעסער וועל איך ליידען, און נישט מיינע קינדער.

געהט איינמאָל דוד אַרויס אין פעלד אויף געיעג. האָט זיך דער שטן פערשטעלט פאַר אַ הירש און דוד האָט איהם גענומען יאָגען און געיאָגט אַזוי וויים, ביז ער איז אַריינגעלאָפען איבער די גרענעץ פון לאַנד פלישתים.

ווי ישבי, דער בעוואוסטער גבור פון פלישתים האָט דערזעהען דוד'ן, האָט ער געזאָגט: אָט דער האָט דאָך אונזער גלית'ן גע'הרג'עט יעצט וועל איך איהם דערפאַר בעצאָהלען, האָט ישבי געכאַפּט דוד'ן און געבונדען, און איהם אַרונטערגעדריקט אונטער אַ באַלקען פון אַ אייל־טרעטער (אַ מיהל, וואו מען קוועטשט בוימעל פון איילבירטען). איז געשעהען אַ נס און די ערד פון אונטען איז איינגעפאַלען אַזוי אַז דוד איז געבליבען ליגען גאַנץ אונטער'ן באַלקען.

דער טאָג איז געווען ערב־שבת און אבישי בן צרויה, איינער פון דוד'ס גבורים (זעה אויבען), האָט זיך געוואַשען דעם קאָפּ אין אַ זעהער גרויסען פאַס וואַסער. פּלוצלונג בעמערקט ער אַ בלוט'ס־טראָפּען אין וואַסער. אַ שלעכטער סימן — טראַכט ער זיך — וואָס זאָל עס בעדייטען? דערווייל קומט צופליהען אַ טויב און פאָכעט ווי אַ פערצווייפעלטע מיט די פליגעל. האָט ער פערשטאַנען אַז דוד המלך איז אין אַ געפאַהר.

לויפט ער אין דוד'ס הויז און געפינט איהם נישט. געהט ער צו די חכמים פרעגען אַ שאלה:

— לויט דעם געזעץ טאָר קיינער נישט רייטען אויפ'ן מלך'ס פערד, נישט זיצען אויף זיין שטוהל און נישט נוצען זיין שטאָק. ווי איז אָבער אין אַ געפאַהר?

ענטפערען די חכמים: אין אַ צייט פון אַ געפאַהר מעג מען!

האט ער זיך געזעצט אויף דוד׳ס טויל־אייזעל און די ערד איז אונטער איהם אונטערגעשפרונגען. און ווען זעהט ער ערפה, ישבי׳ס מוטער, ווי זי זיצט און שפינט. נעהמט זי אוןווארפט דאס שפינדעל און וויל איהם שטעכען. פאלט דאס שפינדעל אין א זייט. זאגט זי צו איהם: בחור, דערלאנג מיר דאס שפינדעל, גיט ער איהר א ווארף און טרעפט גלייך אין מוח — פאלט זי טויט.

אז ישבי האט איהם דערזעהען, טראכט ער זיך: יעצט זענען זיי שוין אין צווייען וועלען זיי מיך הרג׳ענען. זאגט ער א שפרוך מיט כישוף און ווארפט ארויף דוד׳ן אין דער לופטען, דערנאך שטעקט ער אריין א שפיז אין דער ערד מיט׳ן שפיץ ארויף, דוד זאל אויף איהם ארונטערפאלען. האט אבישי געזאגט א שם, און דוד איז געבליבען שוועבען צווישען ערד און הימעל.

דערווייל פרעגט אבישי דוד׳ן: ווי קומסטו אהער? דערצעהלט ער איהם, וואס גאט האט געזאגט און וואס ער האט געענטפערט.

זאגט אבישי קעהר־אום דיין געבעט, ווי זאגט מען: „זאלען מיינע אייניקלעך האנדלען מיט שמאטעס אבי מיר נישט קיין שאדען”.

זאגט דוד: אויב אזוי — העלף מיר מיט דיין תפילה. און אבישי האט געזאגט א שם און איהם אראבגענומען, זענען זיי ביידע אנטלאפען און ישבי האט זיי נאכגעיאגט. רופט אוים אבישי צו איהם: געה נור פריהער און גראב אוים א קבר פאר דיין מוטער. ווי ישבי האט עס דערהערט, איז ביי איהם דער כוח אבגענומען געווארען — און אבישי האט איהם גע׳הרג׳עט.

א אנדערט מאהל, האט דוד גע׳טענה׳ט פאר גאט, פארוואס די די יודען דערמאנען שטענדיג גאט׳ס נאמען אין פערבינדונג מיט אברהם, יצחק, יעקב און פארוואס ער דוד האט נישט דערצו קיין זכיה. האט איהם גאט געזאגט: די אבות האבען אויסגעהאלטען שווערע נסיונות און דוד נישט. האט דוד פערלאנגט, אז מען זאל אווך איהם פון הימעל שטעלען א שווערען נסיון. דאן האט איהם גאט געווארענט, אז ער וועט דעם נסיון נישט קאנען אויסהאלטען, ווי די אבות האבען עס דורכגעהאלטען.

די געשיכטע פון דעם נסיון איז געווען אזוי: צווישען דוד׳ס פרויען, איז געווען איינע, די בעוואוסטע בת־שבע (די מוטער פונ׳ם שפעטערדיגען קעניג שלמה), א אייניקעל פונ׳ם ערשטען ראטגעבער אחיתופל, וועלכע האט געהאט א מאן, איידער זי האט חתונה געהאט פאר דוד׳ן, מיטן נאמען אוריה, איינער פון די העלדען און גרופען־אנפיהרער אין דוד׳ס ארמע. ווען עס איז אויסגעבראכען די מלחמה

מיט די עמונ׳ער, איז אויך אוריה אוועק אויפ׳ן מלחמה־פלאץ, און ער האט געשריבען א גט פאר זיין ווייב, אויפ׳ן פאל ווען ער וועט זיך נישט אומקעהרען א היים א לעבעדיגער ביז א בעשטימטער צייט נאך דער מלחמה [1]).

אין דער דאזיגער מלחמה האט זיך דוד אליין נישט בעטייליגט, נור זי איז געפיהרט געווארען אונטער דער קאמאנדע פונ׳ם ארמעע־פיהרער יואב וועלכער איז געשטאנען אין שטענדיגען קאנטאקט מיט׳ן קעניג דוד.

אין יענער צייט האט זיך דוד דערוואוסט וועגען בת שבע, אז זי איז פערבליבען אין דער היים אין ירושלים, און ער האט אויך געזעהען מיט רוח חקודש, אז זי איז זיינע א זיווג, אז ער דוד וועט זי נעהמען פאר א ווייב. דוד האט אבער געטראכט נישט צו ווארטען ביז׳ן סוף פון דער מלחמה, ווען אוריה וועט מעהר נישט לעבען, נור עס איז איהם געקומען אויפ׳ן געדאנק, ער זאל חתונה האבען מיט בת־שבע, ווייל איהר מאן האט זי גע׳גט.

אין דער זעלבער צייט, איז אויך געקומען צו א שארפען ווערטער־אויסטויש, צווישען דוד׳ן מיט אוריה, וועלכער איז ארויסגערופען געווארען צום קעניג פון מלחמה־פלאץ, אזוי אז אוריה איז פערואורטייט געווארען אלס מורד במלכות. דוד האט אבער נישט געוואלט לאזען אויספיהרען קיין טויט־אורטייל איבער אוריה׳ן וועלכער געהט צוריק אויפ׳ן מלחמה־פלאץ, און דוד בעפעהלט יואב׳ן, דאס ווען אוריה וועט זיך געפונען אויפ׳ן מלחמה־פלאץ אויף א געפעהרליכער פאזיציע, זאל ער נישט איינשמיעלען דאס לעבען פון איבעריגען חייל בכדי אוריה׳ן צו ראטעווען, ווייל ער האט דעם טויט פערדינט.

דערווייל אבער האט זיך די זאך געפיהרט, אז אוריה איז גע׳הרג׳עט געווארען אין דער מלחמה אויף א גאנץ געוועהנליכען אופן. דאס איז געווען ווען די יודישע חיילות האבען בעלאגערט דאס פעסטונג פון ר ב ת ־ ב נ י ־ ע מ ו ן, און ווי עס פיהרט זיך אין א מלחמה בעת א בעלאגערונג, פרובען די בעלאגערטע פון צייט צו צייט, זיך ארויס־צורייסען דורך די פיינדליכע חיילות, און זיי מאכען אויך פלוצלינגע אנפאלען. עס איז דעריבער די אויפגאבע פון דעם מלחמה־אנפיהרער,

---

[1]) אזוי איז געווען דאן איינגעפיהרט אין דער יודישער ארמעע, אז אלע וואס געהען אויפ׳ן מלחמה־פלאץ, זאלען איבערלאזען אזעלכע גט׳ן, בכדי די פרויען, זאלען נישט פערבלייבען קיין אייביגע עגונות, נאכדעם ווי די מלחמה וועט זיך ענדיגען, און דער מאן וועט פערפאלען ווערען אהן א שפור.

צו וויסען געניי אין וועלכע פונקטען עס געפונען זיך די טאפפערע חיילות פונ׳ם פיינד, און וואו מען דארף זיך ריכטען אויף א שווערען אנפאל, אז ער זאל דארט אויך אוועקשטעלען די בעסערע קרעפטען פון זיין מחנה.

אוריה וועלכער האט זיך גערעכענט צו די 37 הויפט־העלדען אין דוד׳ס מחנה, האט בעקומען א אנווייזונג פון יואב׳ן צו שטעהען אויף דער וואך פון איינע פון די פאזיציעס, וואו מ׳האט זיך געריכט אויף א שווערען אנפאל. און בעת די פיינדליכע חיילות זענען ארויס פון שטאדט האבען די יודישע העלדען וואס זענען דארט געשטאנען אויף דער וואך אויפגענומען דעם פיינד מיט א שווערע מלחמה, אזוי אז יענע האבען געמוזט אנטלויפען צוריק אין שטאדט אריין. די יודישע וואך האט נאכגעיאגט דעם שונא ביז צו דער שטאדט מויער, און ווען זיי זענען אזוי געשטאנען נאהנט פון דער שטאדט מויער, האט מען פון שונא׳ס זייט ארא בגעשאסען פון די מויערען און צווישען אנדערע איז געפאלען א טויטער אויך אוריה החתי.

נאכדעם ווי עס זענען פארביי די טרויער־טעג, נאכ׳ן טויט פון אוריה החתי, האט דוד געשיקט נאך בת־שבע און מיט איהר חתונה געהאט. דאס דאזיגע האט געקענט ארויסרופען תרעומות אויפן קעניג דוד, ווי אויך א גרויסען חילול־השם — א פערדאכט אז אזא הויכער מענש ווי דוד המלך, זאל לאזען הרג׳ענען א מענש און נאכהער נעהמען זיין ווייב.

און נתן הנביא, איז געקומען מיט א שטרענגען פארוואורף און שארפע שטראף־רייד צום קעניג דוד, וואס מען האט איהם, דעם נביא איבערגעגעבען בנבואה ער זאל עס איבערגעבען דעם קעניג דוד. דען, ווייל טאקי אוריה החתי, האט פערדינט זיין טויט אלס מורד במלכות האט איהם דוד געקענט אוועקשטעלען פאר׳ן משפט פון די סנהדרין, און עס וואלט אויף דוד׳ן קיין שום חשד נישט געפאלען. און חאטש דאס געזעץ זאגט, אז דאס מלכות קען ארויסגעבען א טויט־אורטייל אויף אייגענעם איינזעהען, האט עס דוד בעדארפט אין יעצטיגען פאל אויסצומיידען בכדי נישט צו ברענגען אויף זיך קיין שום חשד.

ביי זיין גאנצער גרויסקייט און הויכער מדריגה, האט אבער דוד געהאט אויך די מידה, אז ער האט נישט געקוקט אויף זיין אייגענעם כבוד א האר, דא וואו ער האט נור געהאט די געלעגענהייט ארויס־צוווייזען א קידוש־השם ברבים. אנדערש ווי שאול המלך, וועלכער פלעגט זיך פרובען פערענטפערען פאר שמואל הנביא, ווען דער לעצטער איז איהם געקומען פארווארפען פעהלערען אין זיין מלוכה פיהרונג, האט

דוד ארויסגעוויזען זיין גרויסען העלדען־מוט, אז ער האט זיך נישט געשעהמט צו ערקלערען אין דער עפענטליכקייט, אז דער נביא האט רעכט און ער איז בעגאנגען א פעהלער; און חאטש דוד האט געקענט אויפוויזען, אז ער איז קיין זינד נישט בעגאנגען, האט ער אבער בעסער געוואלט נעהמען אויף זיך א זינד און אויך תשובה טהון. דאמיט האט ער געגעבען א ביישפיעל פאר אלע יודען, אז ווען עמיצער בעגעהט א זינד, זאל ער זיך נישט שעהמען און נישט פערלייקענען זיין זינד, נור ער זאל זיך שטארקען אין תשובה און אין תפילה צו גאט בכדי מען זאל איהם מוחל זיין די זינד.

## ו. אבשלומ׳ס אויפשטאנד געגען דוד׳ן.

דוד פערלירט זיך נישט. — די סכסוכים צווישען דוד׳ס קינדער. — אבשלום לאזט ערמארדען זיין עלטערען ברודער אמנון. — אבשלום אנטלויפט פון ארץ־ישראל. — יואב מאכט שלום צווישען פאטער און זוהן. — אבשלום׳ס מרידה פלענער. — ער שאפט א מלוכה אין חברון און ארגאניזירט א מחנה געגען פאטער׳ס חיילות. — ווי אזוי ער האט גענארט דוד׳ן. — דער קעניג אנטלויפט פון ירושלם. — די אונאנגענעהמליכקייטען אויפ׳ן וועג. — די פריינד פון אלטען קעניג וואס פערלאזען איהם נישט.

דוד׳ס טיעפער גלויבען און איבערצייגונג אין דער געטליכער השגחה וואס פיהרט דעם גורל פון יעדען מענש און פון יעדע געשעהעניש אין זיין לעבען, האט איהם געשטעלט העכער איבער אלע מענשען, אויך דאמיט וואס אין די שווערסטע מאמענטען און אין דער גרעסטער עת־צרה, האט ער נישט אויפגעהערט צו לויבען גאט פאר די ארויסגעוויזענע חסדים. זייענדיג פעסט איבערצייגט, אז אלץ וואס עס קומט אויפ׳ן מענש, סיי גוט׳ס סיי שלעכט׳ס, אלץ איז פון הימעל אנגעצייכענט צום גונסטען פון די מענשען.

און אזוי זעהען מיר אין דוד׳ס ספר תהלים א ספעציעלען קאפיטעל מיט א לויב צו גאט, אין דער צייט וואס ער האט געמוזט אנטלויפען פון זיין קעניגליכען פאלאץ און פון זיין רעזידענץ־שטאדט ירושלים, צוליעב דער מרידה און אויפשטאנד, וואס אבשלום דוד׳ס זוהן, האט ארויסגערופען געגען זיין אייגענעם פאטער דעם קעניג דוד. דאכט זיך אז א אנדערער אויף זיין ארט וואלט דא ריכטיגער געהאלטען א קלאג־ליעד — א אייגענער זוהן וואס פערטרייבט דעם פאטער פון

זיין מלוכה־שטוהל און וויל איהם פערניכטען—דוד אבער זאגט אנדערש:

„ווען גאט האט מיר געזאגט איך וועל אויף דיר אויפשטעלען א פיינד פון דיין אייגען־הויז! האב איך מורא געהאט פילייכט וועט יענער זיין א קנעכט אדער א פרעמדער מענש וואס וועט אויף מיר נישט קיין רחמנות האבען. יעצט אבער, ווען דאס איז מיין אייגענער זוהן אבשלום, זעה איך דאך אויך א חסד אין דער שטראף פון גאט — דען א זוהן זוויף א טאטען האט פארט א שטיקעל רחמנות".

ווידער האט דוד געזאגט: א בעל־חוב איידער ער בעצאהלט דאס וועקסעל, שרעקט ער זיך פילייכט וועט ער נישט צאהלען, דערנאך אבער האט ער שמחה, אז ער האט שוין דאס וועקסעל אבגעצאהלט.

און דוד פרעהט זיך, וואס ער זעהט א שטראף אויף זיך, פילייכט האט ער עפעס א קליינע זינד, זאל ער דערפאר אבליידען אויף די וועלט.

די געשיכטע מיט אבשלום'ן, ווי ער האט פריהער געמוזט אנט־לויפען פון דוד'ן, ווי אזוי ער האט שפעטער ארגאניזירט דעם אויפשטאנד, און דער טרויעריגער סוף זיינער — איז געווען אט אזוי:

אבשלום'ס מוטער, דוד'ס ווייב, האט געהאט א טאכטער פון איהר פריהערדיגען מאן, מיט'ן נאמען תמר. אמנון, דוד'ס עלטסטער זוהן פון א צווייט ווייב, האט זיך גע'שדכנ'ט צו תמר'ן.

עס האט אבער נישט לאנג געדויערט, און די ערשטע ליעבשאפט צווישען אמנון מיט תמר'ן, איז פערוואנדעלט געווארען אין א גרויסע שנאה, און אבשלום תמר'ס ברודער איז אויך געווארען א פערביסענער פיינד פון אמנון. ער האט אבער זיין שנאה נישט ארויסגעוויזען, בכדי אמנון זאל זיך פון איהם נישט אויסהיטען, און ער זאל קאנען אבווארטען א געלעגענהייט, ווען עס זאל איהם אבגליקען זיך נוקם צו זיין אין אמנון, פאר'ן כבוד פון זיין שוועסטער תמר.

צוויי יאהר האט אבשלום געהאלטען אין זיך די שנאה צו אמנון (2913—2914) ביז אין א צייט ארום ווען אבשלום האט געמאכט א פאמיליען מאהל־צייט צו וועלכען ער האט איינגעלאדען אלע קעניגליכע קינדער צווישען זיי אויך אמנון.

אבשלום האט עס דאן פריהער געהאט אבגערעדט מיט זיינע טרייע יונגע לייט אז ווען אמנון וועט זיין בגלופינ'דיג זאלען זיי זיך צו איהם דערנעהנטערען אונבעמערקט און איהם הרג'ענען.

אבשלום האט שפעטער מורא געהאט אהיימצוקומען, דוד זאל איהם נישט פעראורטיילען פאר'ן מארד פון זיין ברודער אמנון, און ער איז אנטלאפען צו זיין מוטער'ס פאטער, דעם קעניג פון גשור, וואו ער

האט פערבראכט דריי יאהר (2918—2915). די גאנצע צייט האט דוד נישט אויפגעהערט צו טרויערן אויפ'ן טויט, פון זיין עלטסטען זוהן אמנון, און ער האט נישט איינמאל געטראכט וועגען ברענגען אבשלום'ן מיט געוואלד קיין ירושלים און איהם פעראורטיילען פאר'ן בעגאנגענעם מארד. צום סוף פון די דריי יאהר ווען דוד האט זיך בערוהיגט, איז די שטוב־מענשען געלונגען צו פועל'ן ביי דוד'ן, ער זאל מעהר נישט טראכטען וועגען נקמה נעהמען אין אבשלום'ן.

יואב, וועלכער האט זיך גערעכענט צו די טרייעסטע לייב־מענשען פון דוד'ס מלוכה, האט נישט אויפגעהערט צו טראכטען און זוכען עצות, ווי צו פועל'ן ביי דודן ער זאל מוחל זיין אבשלום'ען דעם בעגאנגענעם מהאט געגען זיין ברודער אמנון. יואב זעהט, אז אמנון דוד'ס עלטסטער זוהן און טראהן־פאלגער איז טויט, צווישען די איבריגע דוד'ס זיהן, זעהט ער אבשלום'ן דעם פאסענדסטען צו פערנעהמען דעם מלוכה־טראהן נאך דוד'ן, צום סוף גאר איז אבשלום פערטריבען אין א פרעמד לאנד? און חאטש דוד ווייסט עס שוין לאנג בנבואה, אז די מלוכה וועט איבערגעהן צו זיין יונגען זוהן וואס ער האט פון זיין פרוי בת־שבע, שלמה, האט עס אבער יואב נישט געוואוסט, און ער האט אזוי לאנג געזוכט עצות, ביז עס איהם צום סוף געלונגען אויסצווירקען ביי דוד'ן א ערלויבניש, דאס אבשלום זאל זיך אומקעהרען קיין ירושלים. דאביי שטעלט אבער דוד א בעדינג, אז עס זאל נישט געמאכט ווערען קיין שום פאראר, צום אנקומען פון אבשלום'ן, און אז ער זאל אויך נישט קומען פארן קעניג; דאס איינציגע וואס ווערט אבשלום'ן ערלויבט, איז — דאס וואוינען רוהיג אין ירושלים.

צוויי יאהר זענען אזוי פערביי (2920—2919) ווען אבשלום וואוינט אין ירושלים און ער זעהט נישט זיין פאטער דוד. במשך דער צייט זענען ביי אבשלום'ן געשטארבען זיינע אלע דריי זיהן, און דוד איז אפילו נישט געקומען איהם טרייסטען. דאס האט ארויסגערופען ביי אבשלום'ן א גרויסע שנאה צו דוד'ן, בפרט נאך ווען אבשלום זעהט זיך אלס דעם פאסיגסטען קאנדידאט צו פערנעהמען די מלוכה נאך דוד'ן. ער איז געווען דוד'ס עלטסטער זוהן נאכ'ן טויטען אמנון, א חוץ דעם האט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע מעלות און מיט זיין פערזענליכקייט; אבשלום האט אבער פערשטאנען, אז קוים וועט ער ארויסווייזען זיין שנאה צו דוד'ן, וועט ער ביים פאלק נישט אויסנעהמען, האט ער דעריבער בעשלאסען צו פערדעקען זיין שנאה, און ער האט אויך אנגעהויבען צו זוכען השתדלות ביי דוד'ן. ער זאל איהם ערלויבען צו קומען און זיך זעהען מיט איהם.

א סך מאל האט אבשלום געשיקט נאך יואב׳ן, אז ער זאל פערמיטלען צווישען אבשלום׳ן מיט דוד׳ן. יואב האט אבער פערשטאנען וואס אבשלום פערלאנגט און ער איז נישט געקומען. צום סוף האט אבשלום געהייסען זיינע יונגע־לייט, זיי זאלען פערברענען יואב׳ס תבואה־שייערען, דאן איז יואב געקומען צו אבשלום׳ען מיט א טענה, און אבשלום האט די געלעגענהייט אויסגענוצט, צו פועל׳ן ביי יואב׳ן, ער זאל אויסווירקען ביי דוד׳ן, און ברענגען צו א שלום צווישען פאטער און זוהן. פון יענער צייט אן, איז אבשלום געקומען פאר דוד׳ן, וועלכער ווייזט אבער נישט ארויס קיין בעזונדערע ליעבשאפט צו זיין זוהן אבשלום.

דער לפנים׳דיגער שלום מיט זיין פאטער דעם קעניג, האט שטארק גענוצט אבשלום׳ן, ער זאל זיך נעהמען מיט א גוט צוגעטראכטען פלאן צו דערהויבען א אויפשטאנד געגען דוד׳ן, און פון איהם אבנעהמען די מלוכה, איידער דער פאטער טהוט אויספיהרען זיין פלאן אויסצורופען דעם יונגערען זוהן שלמה, אלס אפיציעלער טראהן־פאלגער פון דער יודישער מלוכה. וויסענדיג די סימפאטיעס וואס דאס פאלק האט צו דוד׳ן, האט אבשלום, געזוכט א קלוגע עצה ווי זיך צו פערשאפען אנהענגער. נעמליך, ער האט אויסגענוצט די מענשען מיט פערביטערטע הערצער וואס פלעגען קומען זיך קלאגען אין העכסטען קעניגליכען געריכטס־הויז קיין ירושלים, דארט האט זיך אבשלום אוועקגעשטעלט ביים איינגאנג, טאג־טעגליך, וואו ער האט פערפיהרט א פריינדליכען שמועס מיט יעדען אנקומענדען, ארויסווייזענדיג צו יענעם, זיין טיעפען מיטגעפיהל, און אזוי האט ער זיך איינגעקויפט די סימפאטיע און צוטרוי ביי די ברייטע מאסען. דאביי פלעגט ער נישט קארגען קיין שווערע ווערטער אויף דער מלוכה־פיהרונג, אנווייזענדיג, אז ווען ער וואלט געשטאנען אין שפיץ פון דער מלוכה, וואלט ער מעהר אכט געלעגט צו בעפרידיגען יעדען איינציגען וואס האט נור א פאדערונג און אנקלאגע, איהם נאכצוקומען.

און אזוי האט זיך אבשלום איינגעקויפט א סך פריינד איבער׳ן גאנצען לאנד, ביז ער האט שוין געקענט אויסרעכנען אויף א שטיצע פון די ברייטע מאסען, דאן האט ער ביים פאטער גענומען א ערלויבניש צו געהן קיין חברון, וואו ער זאגט צו ברענגען קרבנות אויף א במה. אבשלום׳ס כונה איז אבער געווען, זיך צו לאזען אויסרופען פאר א קעניג אין חברון וואו עס איז געווען די ערשטע רעזידענץ־שטאדט פון זיין פאטער דוד.

אבשלום׳ס טרייע מענשען האבען זיך ארויסגעלאזט איבער׳ן גאנצען

לאנד צו פיהרען א אגיטאציע פאר ארויפזעצען אבשלומ'ן אויפ'ן מלוכה־טראהן. צום ערשט האט זיך די אגיטאציע געפיהרט אין געהיים, דאביי איז איברעאל אנגעצייכענט געווארען דער סיגנאל, אויף וועלכען אלע און איברעאל דארף זיך דער אויפשטאנד אנהויבען אין איין צייט, און פון אלע זייטען לאנד זאל זיך לאזען הערען דער רוף, אז אבשלום איז געווארען קעניג אין חברון.

דאס איז געווען אין אנהויב יאהר 2921 ווען אבשלום האט ארגאניזירט דעם אויפשטאנד: דוד האט אלץ נישט געהאט קיין פער־דאכט אויף אבשלומ'ן, ווייסענדיג אז אין אבשלומ'ס מחנה געפונען זיך 200 מאן פון די אנגעזעהענסטע לייט אין ירושלים און וועלכע זענען פון דוד'ס טרייעסטע מענשען. אבשלום אבער, האט דעם פלאן פון זיין פערשווערונג, געפיהרט אזוי אין געהיים, אז די דערמאהנטע 200 מאן פון דוד'ס לייב מענשען, האבען ווירקליך נישט געוואוסט פון קיין שום זאך, זיי זענען נור געקומען אין חברון, צוזאמען מיט אבשלומ'ן, וועלכער האט דארט געברענגט קרבנות. די דאזיגע 200 מאן, האט אבשלום פער־זאמעלט ארום זיך אויף א אריגינעלען אופן: ביי זיין אוועקגעהן קיין חברון, האט ער געבעטען ביים פאטער א שריפט, דאס אבשלום האט דאס רעכט פון יעדע צוויי מאן, צו פערלאנגען זיי זאלען איהם בעגלייטען און מיט איהם פערברייינגען אין חברון. אבשלום האט אט דעם קעניגליכען שריפט געוויזען, יעדען בעזונדער, אזוי אז איינער האט נישט געוויסט פון צווייטען און עס איז איהם געלונגען צו פערזאמלען ארום זיך א גרופע פון 200 מאן דוד'ס טרייסטע מענשען, בכדי דוד'ן זאל נישט איינפאלען קיין שום חשד וועגען א אויפשטאנד וואס אבשלום זאל ארגאניזירען.

צווישען אבשלומ'ס אנהענגער, האט זיך געפונען איינער פון די בעריהמטסטע מענער אין יענער צייט, אחיתופל, וועמענס ווארט און ראט עס איז געווען, פונקט ווי איינער פרעגט ביי גאט — אזא הויכער מאן איז אחיתופל געווען. ער פלעגט שטענדיג פאראויסזאגען וואסער ענטפער עס וועט קומען אין אורים ותומים, ווען מ'האט געשטעלט א פראגע. אחיתופל איז אויך געווען פאמיליאריש פערבונדען מיט דוד'ן, בת־שבע דוד'ס ווייב איז געווען אחיתופל'ס א אייניקעל. ער האט אבער געהאט א פאמיליען־שנאה צו דוד'ן צוליעב וועלכען ער איז צוגעשטאנען צו אבשלומ'ן. א חוץ דעם, האט אחיתופל געזעהען מיט רוח־הקודש, אז די יודישע מלוכה וועט זיין ביי זיינע קינדער, און ער האט עס נישט אויסגערעכענט, אז זיין אייניקעל שלמה, וועט זיין דער נאכפאלגער פון

דוד׳ן, נור ער האט גערעכענט, אז אבשלום׳ס אויפשטאנד וועט אוועק־נעהמען די מלוכה ביי דוד׳ן, ער האט אויך פארגעזעהען אז די מלוכה בלייבט נישט ביי אבשלום׳ן, האט ער דעריבער גערעכענט, אז נאך אבשלום׳ן וועט די מלוכה איבערגעהן צו איהם, אחיתופל׳ן.

ווען דוד דערוויסט זיך אין ירושלים וועגען אבשלום׳ס אויפשטאנד, וואס האט אנגענומען א שארפען כאראקטער איבער׳ן גאנצען לאנד, האט ער בעשלאסען צו פערלאזען ירושלים, בכדי אויסצומיידען א מלחמה אויף דער רעזידענץ שטאדט. דוד האט עס ערקלערט זיינע נאהנטע מענשען, אז ער קען יעצט נישט אויפנעהמען קיין מלחמה, ווייל אבשלום האט זיין ארגאניזירטע ארמע פון אויפשטענדיגע און ער, דוד, קאן נאך נישט וויסען ווער עס איז איהם געבליבען טריי. א חוץ דעם, ווען עס זאל קומען צו א מלחמה אין ירושלים, וועלען אבשלום׳ס מענשען זיכער חרוב מאכען די שטאדט און שפעטער אויסרופען א בלבול אז דוד׳ס מענשען האבען דעם חורבן געמאכט, ווייל אין דער ערשטער צייט וועט דאך נישט זיין קלאר ווער עס איז פון אבשלום׳ס און ווער פון דוד׳ס אנהענגער. דעריבער בעשליסט דוד מיט זיינע מענשען צו אנטלויפען פון ירושלים און אבווארטען ביז די לאגע וועט מעהר קלאר ווערען.

עס איז געווען טרויעריג די לאגע פון דוד׳ן, וועלכער האט אין געאייל געמוזט אנטלויפען פון זיין פאלאץ, ער מיט זיינע ווייבער און קינדער וועלכע האבען נישט געהאט קיין צייט צונעהמען מיט זיך די מלבושים און אנדערע געברויכען, אזוי שנעל זענען זיי אנטלאפען. נור די קייב׳ס ווייבער האט דוד איבערגעלאזט אין ירושלים. דוד׳ס טרייבט איז אבער געווען אין די געצעהלטע אבער אנגעזעהנע מענשען וואס זענען מיטגעגאנגען אין וועג, און האבען איהם געשוואוירען טריישאפט, דאס זאגאר ביים גרעסטען געפאהר וועלען זיי זיך נישט שיידען פון זייער געליבטען קעניג דוד.

און א שטארקער טרויער און געוויין איז אויסגעבראכען אין גאנצען געגענד, וואו מען האט געזעהען דעם קעניג דוד מיט זיין קליינע מחנה אנטלויפען, די גאנצע בעפעלקערונג פון ירושלים און אומגעגענד, האבען אויף א שטח וועיט בעגלייט. דעם קעניג דוד, אויך די כהנים גדולים, צדוק און אביתר זענען ארוים בעגלייטען דעם קעניג אויפן פלאץ וואו מען האט אויך אוועקגעשטעלט דעם געטליכען ארון. דוד אבער האט געגעבען א בעפעהל אז די כהנים מיט׳ן ארון זאלען צוריקגעהן קיין ירושלים: „וועט מיין זכות זיין גרוים ביי גאט צו בלייבען קעניג — זאגט דוד — דאן וועל איך דאך צוריקקומען קיין

ירושלים; איז ווייטער גאט׳ס רצון אזוי, אוועקצונעהמען ביי מיר די מלוכה, וויל איך נישט טהון קיין זאך געגען דעם ווילען פון גאט".

אין יענער צייט, איז עס אויך געווען, ווען די כהונה גדולה געהט איבער פון אביתר׳ן צו צדוק׳ן. דען פריהער האט אביתר געטראגען דעם אורים ותומים ווי אלע כהנים גדולים, ער האט עס שטענדיג בעגלייט דוד׳ן און ביי איהם פלעגט דוד שטענדיג פרעגען אין אורים־ותומים. ווען דוד איז אנטלאפען פאר אבשלום׳ן, האט ער אויך געפרובט פרעגען ביי אביתר׳ן אין אורים ותומים, וועגען זיין ווייטערדיגען גורל, און ווען ער בעקומט נישט קיין ענטפער, האט ער בעפוילען: צדוק זאל איבערנעהמען 1) דעם אורים ותומים, און דוד שטעלט א צווייט מאל זיינע פראגען.

און דוד האט פערלאזט ירושלים און דעם ארון, און ווי ער איז געקומען אויפ׳ן הר־הזתים, האט ער אנגעהויבען שטארק צו וויינען און ער איז געגאנגען בארוועס אלס צייכען פון טרויער. דארט האט ער זיך ארומגעזעהען, אז אחיתופל איז נישט מיט איהם, און ער האט פערשטאנען אז אחיתופל איז מיט אבשלום׳ן. דען פריהער האט אבשלום אויסבעהאלטען אחיתופל׳ן אויף א געהיים ארט, בכדי דוד זאל נישט וויסען וואו ער איז; און ער זאל זיך צו איהם נישט ווענדען וועגען א עצה. דאן האט דוד געזאגט איינעם פון זיינע טרייסטע מענשען, וועלכער איז גלייכצייטיג געווען איינער פון די אנגעזעהנסטע בענער, חושי הארכי, איהם האט דוד געהייסען צוריקגעהן קיין ירושלים וואו ער זאל זיך ארויסשטעלען אלס אבשלום׳ס אנהענגער, און ער זאל אויף איהם ווירקען צו טהון פערקעהרט ווי אחיתופל וועט איהם ראטען — אזוי וועט זענען די עצות פון אחיתופל געווען אויסגעהאלטען, אז דוד האט מורא געהאט דאן קוים וועט אבשלום זיך לאזען פיהרען פון אחיתופל׳ן וועט ער זיכער מצליח זיין. דאס זעלבע האט דוד אויך געהאט אבגערעדט מיט די כהנים, צדוק און אביתר, אז חאטש זיי זענען דוד׳ס טרייע מענשען, זאלען זיי זיך ארויסשטעלען פאר אבשלום׳ס אנהענגער, און ווי זיי וועלען נור האבען עפּעס א ידיעה וואס אבשלום טראכט צו טהון, זאלען זיי עס דוד׳ן צוזויסען טהון אויף א געהייםען וועג.

דוד איז זיך ווייטער געגאנגען זיין וועג, און קיינער איז איהם נישט ארום בעגלייטען, זאגאר זיינע טרייעסטע מענשען האבען עס מורא געהאט צו טהון, אבשלום זאל זיך אין זיי שפעטער נישט נוקם זיין, ווען ער וועט זיך דערוויסען אז זיי זענען דוד׳ס אנהענגער. איינער איז

---

1) וועגען די צוויי כהנים־גדולים, צדוק און אביתר — זעה אויבען.

געווען וואס איז ארויסגעקומען דוד'ן בעגלייטען און איהם ארויסגעפיהרט א מויל-אייזעל צום רייטען — דאס איז געווען ציבא, דער דינער פון מפיבושת'ן, שאול'ס אייניקעל (זעה אויבען).

— ווי האט, מפיבושת, נישט קיין מורא געהאט דיך ארומצושיקען מיט א מתנה פאר מיר? פרעגט דוד.

— דאס האט ער מיך נישט געשיקט, נור איך בין פון מיין אייגענעם ווילען געקומען! האט ציבא געענטפערט. דאבײ האט ציבא גערעדט רכילות פאר דוד'ן אויף מפיבושת'ן, ואז דער לעצטער טראגט זיך ארום מיט פלענער, דאס ווען אבשלום ועט הרג'ענען זיין פאטער דוד, וועט דאס פאלק אין איהם שפעטער זיך נוקם זיין, און די מלוכה וועט איבערגעהן צו איהם אלס אייניקעל פון שאול'ס קעניגליכען הויז.

ציבא'ס ווערטער האבען געפונען א אבקלאנג ביי דוד'ן, וועלכער איז זיך שפעטער נוקם אין מפיבושת'ן, פאר וועלכען דוד ווערט שפעטער בעשטראפט פון הימעל (זעה ווייטער).

אויפ'ן וועג ווי דוד איז אנטלאפען מיט זיינע מענשען, האט איהם געטראפען איינער, שמעי בן גרא, פון קעניג שאול'ס משפחה, וועלכער זעהט ווי די הצלחה האט זיך פון דוד'ן אבגעקעהרט יעצט, האט ער ארויסגעוויזען צו דוד'ן זיין בעהאלטענע שנאה, און ער האט גענומען שעלטען דוד'ן און איהם שומפפען מיט די שענדליכסטע ווערטער, ער האט אויך נאכגעווארפען מיט שטיינער, דוד'ן מיט זיין אנטלויפענדע מחנה.

דוד האט אבגעהאלטען זיינע מענשען וועלכע ווילען זיך אין שמעי'ן נוקם זיין: אדרבה, זאגט דוד, פיליכט וועט גאט זעהען מיין ביטערע לאגע, ווי איך ווער געשענדעט, און ער וועט אויף מיר רחמנות האבען. און דוד האט אפילו נישט געפרובט אוועקצופיהרען זיין מחנה אויף א אנדער וועג, נור זיי האבען געדן פערנומען די שטיינער וואס שמעי האט כסדר געווארפען אין דוד'ס מחנה, ביז דער שטח האט זיי דערוייטערט, און דוד איז געקומען אויף א זיכערען פלאץ, וואו ער האט זיך אוועקגעזעצט אברוהען מיט זיין מחנה.

## ז. די מלחמה צווישען אבשלום׳ס און דוד׳ס ארמעען.

אבשלום׳ס אנקומען קיין ירושלים. — די צוויי ראט־געבער אחיתופל און חושי. — אבשלום לאזט זיך פיהרען פון חושי׳ן דוד׳ס פריינד. — די געהיימע פערבינדונג צווישען דוד׳ן מיט זיינע פריינד אין ירושלים. — דוד׳ס ארמע אין מחנים און איהר ארויסמארש אויפ׳ן מלחמה־פלאץ. — דער נצחון פון דוד׳ס ארמע און אבשלום׳ס שרעקליכער סוף. — דוד׳ס טרויער נאך אבשלום׳ס טויט.

ווען אבשלום דערוויסט זיך, אז דוד מיט זיין קליינע מחנה האבען פערלאזט ירושלים, זיי זענען אנטלאפען און בעהאלטען זיך פאר אבשלום׳ס אויפשטענדיגע חיילות, איז ער אנגעקומען קיין ירושלים מיט גרויס פאראד, און ער האט פעסט פערנומען דעם מלוכה־טראהן אהן א ווידער־שטאנד. צוזאמען מיט אבשלום׳ס נאהנטסטע מענשען, איז אויך אראב־געקומען קיין ירושלים אחיתופל וועלכער ווערט אויפגענומען אלס נאהנטסטער ראט־געבער ביי אבשלום׳ן פונקט ווי ער איז געווען ביים קעניג דוד. אין דער זעלבער צייט, איז אויך אנגעקומען קיין ירושלים, און זין ערקלערט צו שטעהען אין דינסט ביי אבשלום׳ן, א צווייטער ראטגעבער פון קעניג דוד, חושי־הארכי. דער לעצטער איז געבליבען טריי דוד׳ן ביז די לעצטע מינוט, און ער איז ספעציעל געקומען פאר אבשלום׳ן, בכדי מיט זיינע עצות צו פיהרען, אז עס זאל דוד׳ן קיין שלעכט׳ס נישט געשעהען (זעה אויבען). חושי הארכי מאכט עס מיט קלוגשאפט, אז מען זאל איהם נישט חושד זיין אין פערראט געגען אבשלום׳ן, דען אין זיינע עצות, וועט ער דאך מוזען ארויסטרעטען פאר דוד׳ן.

חושי הארכי האט זיך דעריבער געשטעלט אויף א אפענעם פרינציפ אין זיין בעציהונג צו אבשלום׳ן, ווען ער ערקלערט אז ער איז דעריבער איבערגעגאנגען צו אבשלום׳ן ווייל ער האלט איהם פאר דעם פעהיגסטען מאן, וואס דארף איבערנעהמען די מלוכה נאך דוד׳ן, וועלכער איז שוין אויף די עלטער און שוואך, און ער עצה׳ט דעריבער אבשלום׳ן, צו זיין געדולדיג ביז דוד וועט עס אליין איינזעהען און אנערקענען אבשלום׳ס מלוכה נאך ביי זיין לעבען, נאכדעם ווי דוד וועט זעהען אז אבשלום איז מצליח און דוד האט נישט קיין אנדער ברירה. דעדפאר טאקי מוז אבשלום אויסמיידען יעדען איילינען שריט, וואס קען דערפיהרען צו

א מארד פון פאטער קעניג דוד, ווייל די יודישע בעפעלקערונג וועט עס קיינמאל נישט מוחל זיין אבשלומ׳ן ווען ער וועט לאזען ערמארדען זיין פאטער; אנדערש אבער וועט זיין די בעציהונג פון פאלק צו אבשלומ׳ן, ווען ער וועט זיך בעגעהען מיט גוטען מיט זיין פאטער, און ער וועט אבווארטען דעם מאמענט ווען דער קעניג דוד אליין, וועט איינשטימען צו אבשלומ׳ס מלוכה.

אחיתופל האט אבער געהאט א אנדער שיטה. ער האט געזאגט, אז דאס פאלק איז אזוי איינגעליעבט אינ׳ם קעניג דוד, דאס עס איז נישט צו ערווארטען, דאס די פאלק׳ס־סימפאטיע וועט בלייבען אויף אבשלומ׳ס זייט א לאנגע צייט, ווען דער קעניג דוד וועט לעבען. מען דארף דעריבער אויסנוצען דעם מאמענט, ווען א גרויסע טייל פון פאלק האט זיך געשטעלט אויפ׳ן צד פון אבשלומ׳ן, אברוימען דעם קעניג דוד פון וועג, אזוי אז דאס פאלק זאל שפעטער נישט האבען קיין אנדער עצה און זיך אונטערווארפען אבשלומ׳ס מלוכה.

אבשלום, האט איינגעזעהען, אז אחיתופל׳ס עצה איז א ריכטיגע, דאך האט ער זיך געלאזט איבערערעדען פון די עצה וואס חושי האט געגעבען — דאס געפיהל פון א זוהן נישט צו ערמארדען זיין פאטער האט דא מיטגעווירקט, בעזונדער איז עס אויך געווען פון הימעל, אז אחיתופל׳ס עצה זאל נישט אויסגעפיהרט ווערען און דוד זאל זיך דערוויל קענען ראטעווען.

און אזוי זענען זיך פונאנדערגעגאנגען די שיטות פון אחיתופל׳ן, מיט חושי׳ן. דער ערשטער הייסט אבשלומ׳ן, ער זאל נישט ווארטען קיין איין מינוט, נור ער זאל שוין צוזאמענשטעלען א ארמע פון צוועלף טויזענד מאן, און ער אליין, אחיתופל, וועט זיך שטעלען אין שפיץ פון אט דער ארמע, נאכיאגען דוד׳ס מחנה און איהר דערגרייכען, איידער זי גרייט זיך צו א מלחמה, און ער וועט אויך האבען א מעגליכקייט צו ערמארדען דוד׳ן און אזוי ארום פערזיכערען די מלוכה ביי אבשלומ׳ן.

חושי זאגט אבער אנדערש: דו ווייסט דאך — זאגט חושי צו אבשלומ׳ן — אז דיין פאטער מיט זיינע מענשען זענען די גרעסטע העלדען און זיי וועלען אויך קעמפען פערביטערט ווי די ווילדע חיות, און קוים וועסטו נישט מצליח זיין אינ׳ם ערשטען שלאכט, וועט ארוים א קלאנג, אז דיינע מחנות האבען געליטען א מפלה, און דאס פאלק וועט זיך פון דיר אבקעהרען. די עצה פון חושי איז אלזא, אז אבשלום זאל אבווארטען און צו ערשט אויפזאמלען א גרויסע ארמע, פון אלע קאנטען לאנד, פון דן ביז באר שבע, דאן ערשט זאל ער אנהויבען א מלחמה מיט דוד׳ס חיילות.

חושי הארכּי האט עס באלד איבערגעגעבן די כהנים, צדוק און אביתר — וועלכע זענען געשטאנען אין א געהיימע פערבינדונג מיט דוד'ן, און לפנים נור האבען זיי געהאלטען מיט אבשלום'ן — דאס וואס זיין עצה איז אנגענומען געווארען דורך אבשלום'ן, גגען די עצה פון אחיתופל'ן. זיי, די כהנים האבען עס גדארפט איבערגעבען חושי'ס ווערטער צו דוד'ן, אז ער זאל שנעל ענדערען זיין פלאן, איידער אבשלום וועט ארגאניזירען א גרעסערע ארבע און אהינשיקען זיינע חיילות.

צדוק'ס קינדער אחימעץ און יונתן, זענען געווען אויף א געהיים ארט אין זיי האבען עס געדיענט אלס פערבינדונג צווישען דוד און צדוק'ן. דער לעצטער שיקט זיין דינסט, זי זאל איבערגעבען אחימעץ און יונתן, זיי זאלען שנעל לויפען צו דוד'ן און איהם איבערגעבען די ידיעה וואס חושי האט בעפוילען. דערוויל האט עס בעמערקט איינער פון די פערבייגעהער, און ער האט דאס איבערגעגעבען אבשלום'ן, אז ער האט א פערדאכט דאס עפעס א מיידעל איז ארויסגעגאנגען פון שטאדט איבערצוגעבען ידיעות דורך מענשען וואס געפינען זיך אויף א געהיים ארט און שטעהען אין קאנטאקט מיט דוד'ן. אבשלום'ס מענשען האבען זיך געלאזט אויף יענעם וועג נאכיאגען די פעררעטער. צום גליק אבער, האבען עס אחימעץ מיט יונתן אויך בעמערקט, ווי איינער שפיאנירט זיי נאך, און זיי זענען דערוויל אנטלאפען. אויפ'ן וועג האבען זיי זיך אויסבעהאלטען ביי איינעם אין א ברונעם, און זיי זענען פון דארט ארויס ערשט ווען אבשלום'ס מענשען זענען פערביי־געגאנגען, און האבען זיי נישט בעמערקט.

אחימעץ מיט יונתן זענען געקומען צו דוד'ן און איבערגעגעבען אלע נויטיגע ידיעות. דוד איז אריבער מיט זיין מחנה אויף יענער זייט ירדן, אזוי אז ער איז דערוויל געווען זיכער פון א פלוצלינגען איבערפאל מצד אבשלום'ס מחנות.

און אחיתופל, ווען ער דערוויכט זיך, אז דוד האט זיך געראטעוועט צוליעב דעם וואס אבשלום האט נישט געהערט זיין עצה, צו בעפאלען דוד'ס מחנה פלוצלונג, און ער האט אויך איינגעזעהען אז פון הימעל היט מען דוד'ן וועלכער וועט סוף־כל־סוף זיך שטארקען איבער אבשלום'ס חיילות, און ער וועט איהם, אחיתופל'ן, אויך שווער פעראורטיילען, פאר זיינע עצות אומצוברענגען דוד'ן — איז ער שנעל אוועק אהיים, געמאכט א צוואה, און איז בעגאנגען זעלבסטמארד.

דערוויל האט זיך דוד איינגעארדענט מיט זיינע חיילות אין דער שטאדט מחניים, דארט וואו עס איז געווען פריהער די רעזידענץ־שטאדט פונ'ם קעניג שאול'ס זוהן איש־בשת (זעה אויבען). דארט האט ער ער'ש'ט

געפונען פריינד וואס האבען איהם אפען אונטערשטיצט, דאס וואס ער האט ביז יעצט קיין שום מענש נישט געטראפען, וואס זאל איהם אונטערשטיצען. צווישען די הויפט־אונטערשטיצער איז געווען ברזילי הגלעדי, איינער פון די רייכסטע לייט אין יענעם קאנט. דארט האט דוד אויך אויפסנייו געמוסטערט זיין ארמע, וועלכע ער האט פערטיילט אין דריי גרופען: איינע — אונטער דער אנפיהרונג פון יואב׳ן; א צווייטע — אונטער אבישי׳ס אנפיהרונג; און א דריטע — אונטער דער אנפיהרונג פון אתי הגתי. צום ערשט האט דוד אליין געהאט בדעה זיך צו שטעלען אין שפיץ פון זיין ארמע, וואס געהט אין דער מלחמה, האבען אבער זיינע טרייע מענשען איהם נישט געלאזט געהן אין דער מלחמה, און ער האט זיי געמוזט צוליעב טהון. און דוד האט אנגעזאגט יואב׳ן, ער זאל זיך בעגעהן ברחמנות׳דיג מיט אבשלום׳ן אויב דער לעצטער וועט אריינפאלען צו איהם אין האנד. נאכהער האט ער בעגלייט זיינע חיילות ביז א בעשטימטען פונקט. פון וואנען זיי זענען געגאנגען אויפ׳ן מלחמה־פלאץ.

אויך אבשלום האט מאביליזירט זיין גרויסע ארמע, א פיעל גרעסערע ווי דוד׳ס מחנה, און אלס אפיציעלער אנפיהרער פון דער גאנצער יודישער ארמע, אויפ׳ן ארט פון יואב בן צרויה, ווערט בעשטימט עמשא. אבשלום איז אבער אליין אויך געגאנגען אין דער מלחמה, וועלכע האט אנגענומען שרעקליכע פארמען, וועןביידע מחנות האבען זיך צוזאמענגעטראפען אינ׳ם גרויסען וואלד וואס ליגט אין אפרים׳ס נחלה, דארט האט אויך אבשלום׳ס מחנה שפעטער געליטען א שטארקע מפלה, און זיי האבען זיך אנגעהויבען אויף פונאנדערלויפען, נאכדעם ווי עס האט אנגעהויבען בושעווען א מגפה אין אבשלום׳ס מחנה.

אין רעזולטאט פון אט דעם שלאכט, האט אבשלום געפונען זיין טויט אויפ׳ן מלחמה־פלאץ, חאטש ער איז נישט געפאלען דירעקט אין דער מלחמה. אבשלום איז געווען א אייביגער נזיר, און ער האט דעריבער געהאט לאנגע האר. אויפ׳ן וועג ווען אבשלום איז אנטלאפען פון מלחמה־פלאץ, האט ער רייטענדיג אויף זיין מויל־אייזעל, זיך פערטשעפעט די האר אין א בוים, און געבליבען הענגען. ווען יואב האט זיך דערפון דערוואוסט, האט ער בעפוילען. מען זאל אבשלום׳ן דער׳הרג׳נען, נאך וועלכען יואב האט געגעבען א סיגנאל אבצושטעלען די וויטערדיגע מלחמה.

ווען דוד דערוויסט זיך וועגען דעם טויט פון זיין זוהן אבשלום, האט ער שטארק געטרויערט און זעהר געביטערט. אזוי אז די הילף וואס איז געשעהען דוד׳ן אין יענעם טאג איז פערוואנדעלט געווארען

אין א טרויער טאג. דוד האט אזוי לאנג געטרויערט און געבעטען אויף פאר דער נשמה פון זיין זוהן אבשלום, ביז ער האט איהם אויסגעבעטען און ארויסגעהויבען פון גהינם, וואו אבשלום וואלט אריינגעפאלען צוליעב זיין פערברעכערישען טאהט געגען זיין פאטער.

יואב אבער האט נישט געקענט פערטראגען, דעם שווערען איינדרוק וואס עס האט ארויסגערופען דוד'ס טרויער נאך אבשלום'ן, און ער ווענדעט זיך צו דוד'ן מיט שארפע ווערטער, אז א קעניג דארף נישט ארויסווייזען זיין פערזענליכען טרויער, דארט ווי עס האנדעלט זיך וועגען א הילף פאר'ן גאנצען פאלק, און ווייל עס איז געשעהען אזא גרוסע הילף וואס עס האט אזא וויכטיגע בעדייטונג פאר'ן ווייטערדיגען גורל פון יודישען פאלק, איז עס א אומרעכט פון דוד'ס זייט אלס קעניג, ווען ער ווייזט נישט ארויס דעם פאלק זיין צופרידענהייט און אנערקענונג.

און דוד איז ארויס צום פאלק און זיי בעגריסט, ערשט דאן האבען די יודישע חיילות זיך בערוהיגט, און זענען זיך פונאנדער־געגאנגען יעדער צו זיין היים, נאכדעם ווי די מלחמה האט זיך פאלקאם איינגעשטעלט.

## ח. דוד'ס צוריקקומען אויף זיין מלוכה־טראהן.

די פאלק'ס־אויסניכטערונג נאכ'ן אויפשטאנד. — די בעוועגונג צוריק־צושטעלען דוד'ס מלוכה. — דוד'ס אורטייל געגען מפיבושת'ן. — דער נייער פרוב ארויסצורופען א אויפשטאנד. — דער אנפיהרער פון אויפשטאנד שבע בן בכרי און זיין סוף.

דאס פאלק האט זיך שנעל אויסגעניכטערט פון דער מרידה־שטימונג וואס אבשלום'ס אויפשטאנד האט ארויסגערופען. מען זעהט יעצט, וואסער מפלה עס האט געהאט אבשלום מיט זיינע מענשען, און ביסלעכווייז הויבט זיך צוריק אן דערוועקען א חרטה־געפיהל צווישען די יעניגע וואס האבען פערראטען דעם אלטען קעניג:

„דער קעניג דוד האט אונז אבגעראטעוועט פון די פיינדליכע אנגריפען, ער האט אונז בעשיצט פון די פלישתים'ער, יעצט האט ער גאר געמוזט אנטלויפען פון לאנד פאר אבשלום'ן. און אבשלום וועמען מ'האט אויסגערופען פאר א מלך, ער איז געפאלען טויט אין דער מלחמה, פארוואס זשע איז עס אזוי שטיל און מען זוכט נישט דעם וועג ווי איבערצובעטען און צוריקברענגען דעם מלך אויף זיין מלוכה־טראהן?“

אט אזא שטימונג האט ארומגענומען דעם גאנצען פאלק, נור עס איז נישט געווען קיינער וואס האט זיך געוואגט ארויסצושטעלען, נעהמען די איניציאטיוו אין האנד, אלע האבען אבגעווארט, אז עס זאל זיך וועד אברופען און ארויסשיקען נאכ'ן קעניג. דוד האט זיך דעריבער פערשטענדיגט מיט די כהנים צדוק און אביתר, זיי זאלען איבעררעדען מיט די חשוב'ע לייט אין יהודה, דאס זיי דארפען נישט בלייבען די לעצטע ביים איבערבעטען דעם קעניג. עטשאן ווידער, דער הויפט־אנפיהרער פון די ארמע, וועמען אבשלום האט בעשטימט אויפ'ן ארט פון יואב'ן, איהם האט דוד געשיקט זאגען, דאס ער וועט איהם איבערלאזען אויף זיין אמט. דאן האט זיך ווידער אנגעהויבען די אקטיווע בעוועגונג צווישען פאלק, און די שבטים האבען זיך גענומען רייסען, יעדע האט געוואלט אז זייער דעלעגאציע זאל צום ערשט זיך שטעלען פאר'ן קעניג מיט די ביטע, ער זאל צוריקקומען אין דער רעזידענץ־שטאדט ירושלים.

צווישען די מענשען וואס זענען געקומען צום קעניג נאכ'ן אויפ־שטאנד ארויסצווייזען זייער אונטערטאנשאפט, איז אויך געווען שמעי בן־גרא, וואס ער האט געשאלטען דעם קעניג און איהם מיט די מחנה פערוואָרפען מיט שטיינער בעת זייער אנטלויפען פאר אבשלום'ן, וואו שמעי פאלט צו די פיס פון קעניג און בעט, אז דוד זאל איהם מוחל זיין פאר דעם בעגאנגענעם טאהט. אבישי בן צרויה, איינער פון דוד'ס קריעג'ס העלדען זאגט זיך ארויס, אז מען דארף שמעי'ן נישט בעגנעדיגען. האט אבער דוד געזעהען מיט רוח הקודש, אז פון שימעי'ן דארף געבוירען ווערען א זוהן פון וועמען עס וועט שטאמען דער בעוואוסטער מרדכי הצדיק, דורך וועלכען עס וועט געשעהען דאס גרויסע נס פון פורים, (זעהט 7־טען באנד) און ער האט שמעי'ן נישט געלאזט הרג'ענען.

מפיבושת, שאול המלך'ס איינינקעל האט די גאנצע צייט פונ'ם אויפשטאנד, נישט אויפגעהערט צו האפען אויפ'ן מאמענט ווען דער קעניג וועט פערנעהמען די מלוכה און ער האט כסדר געטרויערט דעראויף וואס דוד וואלגערט זיך אין דער פרעמד. ער האט דעריבער פערלאזט ירושלים און געוואוינט אויף א געהיים ארט בכדי אבשלום'ס מענשען זאלען נישט ארויסזעהן זיין טיעפע טריישאפט צו דוד'ן. ווי אבער דער אלטער קעניג איז צוריקגעקומען קיין ירושלים, איז מפיבושת באלד געקומען פאר'ן קעניג איהם בעגריסען. דער מלך בעציהט זיך אבער קאלט צו מפיבושת'ן, ווייל זיין דינער ציבא האט גערעדט רכילות פאר דוד'ן, אז מפיבושת האפט, דוד זאל גע'הרג'עט ווערען אין דער מלחמה מיט אבשלום'ן און די מלוכה זאל זיך אומקעהרען צו שאול'ס פאמיליע.

מפיבושת פרובט זיך פערענטפערען פאר דוד'ן אז זיין דינער ציבא האט איהם די גאנצע צייט גענארט, דוד האט אבער נישט פערנומען מפיבושת ווערטער און ער האט ארויסגעגעבען א שא־פען אורטייל, אז ציבא זאל זיך פערטיילען מיט מפיבושת'ן די אלע גיטער וואס שטאמען פונ'ם קעניג שאול. דאס איז פערדעכענט געווארען אלס א זינד פאר'ן קעניג דוד פארוואס ער האט פערנומען לשון הרע אויף מפיבושת'ן, און אינ'ם זעלבען מאמענט הערט זיך א הימליש בת־קול: דו זאגסט אז ציבא מיט מפיבוש'ן זאלען זיך טיילען מיט דער ירושה נאך שאול'ן, דערפאר וועט אויך דוד געשטראפט ווערען אז זיין אייניקעל רחבעם וועט זיך מוזען טהיילען מיט ירבעם'ן, מיט דער יודישער מלוכה (זעה 5־טען באנד).

אויפ'ן וועג, וואו עס האבען זיך פערזאמעלט א גרויסע צאהל יודען, צו בעגלייטען דוד'ן קיין ירושלים, איז אויסגעבראכען א נייער קאנפליקט צווישען די יודישע שבטים, וואס עס האט שיעור נישט ארויסגערופען קיין ברודער־קריעג. נעמליך, די דעלעגאטען פון יהודה האבען זיך די ערשטע געווענדעט צו דוד'ן, וועגען אומקעהרען דעם קעניג קיין ירושלים, וואס עס האט פערדראסען די דעלעגאציעס פון די איבריגע שבטים. דארט האט זיך געפונען איינער שבע בן בכרי, וועלכער האט געזוכט אויסצונוצען די מאמענטאלע מהומה־שטימונג צווישען פאלק מיט'ן צוועק ארויסצורופען א אויפשטאנד געגען דוד'ן. דער דאזיגער שבע האט אנגעהויבען אגיטירען פאר'ן געדאנק, אז מען זאל צולאזען די יהודה־לייט דעם קעניג דוד וואס שטאמט פון זייער שבט, און אלע איבריגע שבטים זאלען זיך אברייסען פון דוד'ס מלוכה. דוד האט געזעהען אז ער מוז שנעל אנעהמען מיטלען געגען שבע'ן, בכדי דער אויפשטאנד זאל נישט אנעהמען קיין ברייטערען חאראקטער, און ער גיעט א בעפעהל עמשא'ן, ער זאל במשך פון דריי טעג מאביליזירען א מחנה און באלד אונטערדריקען דעם נייעם אויפשטאנד. עמשא האט אבער דעם בעפעהל פון דוד'ן נישט אויסגעפיהרט צום טערמין אזוי אז דוד האט געמוזט ווענדען צו זיינ'ם א צווייטער קריעג'ס־הער אבישי, ער זאל גארנישט פערזוימען קיין צייט, אפילו אויף צונויפזאמלען א גרעסערע מחנה, נור ער זאל מיט'ן חייל וואס ער וועט איהם אונטערקומען אונטער די הענד, זאל ער נאכיאגען דעם אויפשטענדיגען שבע בן בכרי, וועלכער קען פאר דוד'ן ווערען שעדליכער ווי אבשלומ'ס אויפשטאנד.

אויפ'ן וועג ווי די קליינע מחנה האט זיך געלאזט נאך שבע בן בכרי האבען זיי בעגעגענט עמשא'ן, דארט האבען זיך אויך געטראפען ביידע קריעג'ס אנפיהרער, יואב, וועמען דוד האט נאך נישט דימיסיאנירט פון זיין אמט און עמשא וועמען דוד וויל בעשטימען אויף יואב'ס ארט.

עמשא האט זיך נישט געהיטען פאר יואב׳ן און דער לעצטער האט ארויסגעצויגען זיין שווערד און טויט געשלאגען עמשא׳ן. עס איז אבער נישט קיין צייט פון אבשטעלען זיך, ווייל יואב מיט אבישי׳ן און זייער מחנה יאגט נאך שבע בן בכרי, דער לעצטער איז דערווייל אוועק און זיך איינגעשלאסען מיט זיין מחנה, אין די בעפעסטיגטע שטאדט אבילה.

און עס האט זיך פערזאמעלט א גרעסערע מחנה אונטער יואב׳ס פאהן וועלכע בעלאגערען די שטאדט וואו שבע געפינט זיך, און יואב׳ס מחנה האט זיך גענומען גרייטען צו שטורמען די שטאדט.

דארט אין דער שטאדט וואו שבע בן בכרי האט זיך איינגע־שלאסען, איז געווען א קלוגע פרוי מי׳טן נאמען סרח, וועלכע האט אויפגעפאדערט דעם חייל וואס האט געשטורעמט צו נעהמען די פעסטונג ארום שטאדט אז זיי זאלען בעטען יואב׳ן, ער זאל זיך דערנעהנטערען צו דער מויער, אויסהערען וואס זי זאגט, פילייכט וועט מען קאנען אויסמיידען א אומזיסטע בלוט פערגיסונג. ווען יואב האט איהר גע־ענטפערט אז ער פערלאנגט נישט מעהר, נור אז מען זאל איהם ארויס־געבען שבע׳ן בן בכרי, האט זי עס איבערגערעדט מיט די שטאדט־לייט, און עס איז צו קיין מלחמה נישט געקומען, נאכדעם ווי מען האט געקעפפט דעם אויפשטעהענדיגען געגען דעם קעניג דוד — שבע בן בכרי.

און אזוי האבען זיך איינגעשטילט אלע אויפשטאנדען, און די מלוכה האט זיך ווייטער געפיהרט זיכער אונטער׳ן בעריהמטען און איבעראל געאכטעטען קעניג דוד.

## ט. די שווערע פאלק׳ס-שטראפען אין דוד׳ס צייטען.

די דריי־יאהריגע הונגער און די אורזאכען דערפון. — דער כעס פון די גבעונים און זייער נקמה-פערלאנג. — דער שווערער אורטייל איבער שאול המלך׳ס פאמיליע. — די גבעונים ווערען דערוויטערט פאמיליאריש פון יורען. — די פאלק׳ס-צעהלונג און די פאלגען. — א שווערע מגפה אויפ׳ן פאלק. — דוד׳ס תפילות און זיין טרייהייט צום פאלק.

דער זכות פון יודען אין הימעל, ברענגט מעהרסטענטאל, אז די פערדיענטע פאלק׳ס שטראפען קומען אין א צייט ווען אין דער שפיץ פון פאלק שטעהען די פעלזען־פעסטע מענער וואס קענען מיט זייער הכמה און צדקות, גלייכשטעלען די שוואכע זייטען אין דעם פאלק׳ס־

לעבען. און אזוי זעהען מיר אין די צייטען פון דוד המלך. גלייכצייטיג מיט דער הצלחה'דיגער מדריגה צו וועלכען ער האט דערפיהרט דאס יודישע פאלק, זענען אויך געקומען א רייה פאלק'ס־שטראפען, וועלכע האבען געברענגט מיט זיך דאס גרויסע תשובה־ווארט, די אומקעהרונג און ענגע פערבינדונג צווישען מענשען און גאט, און גלייכצייטיג דאס פעסטשטעלען דעם מאמענט איבער וועלכע די שווערע שטראף איז געקומען, אזוי, אז עס בלייבט טיף אויסגעקריצט אינ'ם פאלק'ס מהות, מעהר קיין פאלק'ס־פעהלערען נישט צו מאכען.

צווישען אט די שווערע פאלק'ס־שטראפען אין די צייטען פון דוד המלך, דארף מען רעכענען אין דער ערשטער רייה די גרויסע הונגער־שטראף וועלכע האט געברענגט א קריסטאליזירונג און פעסט־שטעלונג איבער געוויסע זייטען וואס האבען א דירעקטע שייכות מיט'ן יודישען פאלק'ס־מהות.

דריי יאהרען 1) זענען פארביי איינס נאכ'ן אנדערען ווען איבער'ן גאנצען לאנד הערשט א הונגער, און דאס פאלק ווענדעט זיך צו זייער געליעבטען קעניג דוד נאך א עצה. דעם ערשטען יאהר בעפעהלט דוד, מען זאל ארויסשיקען איבער'ן לאנד נאכזוכען, צו עס זענען נישט פארהאן קיין געצענדינער צווישען יודען, פאר וועלכען עס ווערט אנ־געזאגט אין דער תורה, די שטראף פון א שווערען הונגער — האט מען געזוכט און עס האבען זיך נישט געפונען קיין געצען־דינער. דעם צווייטען הונגער־יאהר, זאגט דוד פיליכט זענען פארהאן צווישען יודען אזעלכע וואס טהון עבירות אין געהיים — דען אויך פאר דעם קומט די הונגער־שטראף, האט מען געזוכט און נישט געפונען. דעם דריטען הונגער־יאהר זאגט דוד: פיליכט זענען פארהאן צווישען יודען אזעלכע וואס טהון נדרים אין דער עפענטליכט צו געבען צדקה און זיי טהון עס נישט, וואס אויך די שטראף איז א הונגער — האט מען געזוכט און אויך אזעלכעם נישט געפונען. דאן זאגט דוד: אייב די יודען האבען נישט פערדיענט קיין הונגער־שטראף, מוז עס נור זיין וועגען א זאך וואס האנדעלט זיך אין מלוכה־ענינים, און ער האט זיך אויך געווענדעט מיט א פראגע אין אורים ותומים, וואסער ענין דוד'ס מלוכה האט פערנאכלעסיגט און דאס לאנד ווערט געשטראפט מיט הונגער.

און עס איז געקומען דער ענטפער אין אורים ותומים, פון וועלכען עס איז געוועארויסן צוזעהן דעם גערעכטען משפט אין הימעל, וואו עס

1) לויט געוויסע דעות זענען אט די הונגער־יאהרען געווען דעם דרייסיקסטען יאהר פון דוד'ס מלוכה (2914–2917), מיט בערך 76 יאהר גאר פאר אבשלום'ס אויפשטאנד.

ווערט קיינעם נישט געשענקט פאר'ן אבגעגאנגענעם שלעכטען טהאט, און דאביי ווערט דעם זעלבען נישט פערלייקענט זיין גוטע זייט, פאר וועלכען מען געדענקט איהם אייביג.

דער ענטפער צו דוד'ן איז געווען א דאפעלטער, אז די יעצטיגע שטראף אויף יודען האט א שייכות נאך מיט די צייטען פון שאול המלך. קודם־כל האבען די יודען איהם נישט אבגעגעבען דעם געהעריגען כבוד ווי עס פערדיענט א יודישער מלך וואס פאלט אין דער מלחמה, נור זיינע ביינער זענען צו קבורה געקומען אויף יענער זייט גרענעץ פון ארץ ישראל.

צווייטענס ווערען די יודען געשטראפט, אויך פאר א זינד וואס האלט זיך ביי יודען נאך פון יענער צייט פון שאול המלך — די שלעכטע בעציהונג פון יודען צו די גבעונים. דעמאלס ווען שאול המלך האט זיך נוקם געווען אין די כהנים־שטאדט נוב, בעת דואג האט איגטערגעטראגען זיין מסירה אין פעררעאט געגען שאול'ן אויף די כהנים אין נוב (זעה אויבען), האט שאול געלאזט אויס'הרג'ענען די כהנים אין נוב און אויך פערפאלגען די גבעונים (זעה 3־טען באנד) 1), וואס זענען בעשטימט אלס דיענער ביי די כהנים. דער דאזיגער כעס אויף די גבעונים אין נוב האט זיך שנעל איבערגעטראגען ביי יודען אויף די גבעונים איבער'ן גאנצען לאנד און האט אנגעהאלטען אויך אין די מלוכה־צייטען פון איש־בשת שאול'ס זוהן; און אויך דאן ווען דוד האט איבערגענומען די מלוכה, איז די בעציהונג צו די גבעונים נישט בעסער געווארען.

און עס האט זיך געשטארקט אין הימעל דאס רחמנות צו די גבעונים וועלכע ווערען אומזיסט פערפאלגט צווישען יודען, אזוי אז עס איז געקומען די שווערע הונגער־שטראף.

ווען דער קעניג דוד דערוויסט זיך די אורזאכען פאר וועלכע עס איז געקומען פון הימעל די פערדינטע הונגער־שטראף, האט ער זיך ארויסגעזאגט, דאס מען דארף מעהר אכט לעגען, אויף דער שולד וואס די יודען האבען געגענאיבער די גבעונים; דען, אויף איינצופיהרען יעצט א געהעריגען טרויער נאכ'ן קעניג שאול איז שוין צו שפעט, ווייל שאול איז שוין לאנגע יאהרען טויט.

---

1) די גבעונים — דאס זענען א כנען־שבט וואס האט אויסגענארט א שלום ביי יודען נאך אין די צייטען פון יהושע בן נון (זעה 3־טען באנד), פון יענער צייט אן, האבען זיי געלעבט איבער'ן לאנד צווישען יודען. ווי א אבגעזונדערטער נידריגער עלעמענט.

דער קעניג שיקט נאך די גבעונים, און בעט זיך, זיי זאלען מוחל זיין די יודען דעם חטא (זינד) אין וועלכען די יודען האבען זיך ווירקליך פערשולדיגט, אין די בעציהונגען צו די גבעונים. די לעצטע האלטען זיך אבער עקשנות'דיג, אז זיי מוזען זיך נוקם זיין אין די קינדער און אייניקלעך פון שאול'ן, דערפאר וואס ער האט עס אין זיין צייט אזוי שטרענג אנגעהויבען פערפאלגען די גבעונים וועלכע שטאמען נישט פון יודען, תאטש נאך פון יהושע בן נונ'ס צייטען, האבען זיי בעקומען א פערזיכערונג, דאס מען וועט זיי ביי יודען קיינמאל קיין שלעכט'ס נישט טהון. דוד המלך, אנערקענט זייער רעכט, אבער דאך בעט ער ביי זיי רחמנות. דען, וואס וועלען זיי האבען אויב מען וועט שוין יא אומברענגען שאול'ס קינדער, דאס איז דאך נור א אוננוצליכע נקמה, אין די צייט וואס די יודען האבען שוין אהן דעם אויך איינגע־זעהען און אנערקענט, דאס עס מוז פערבעסערט ווערען די בעציהונג צו די גבעונים.

די לעצטע בלייבען ביי זעהער מערדערליכען טענדענץ און זיי פעלאנגען דורכאויס, מען זאל אויפהענגען שאול'ס קינדער און אייניקלעך, און דער גורל איז געפאלען אויף 7 מאן שאול'ס אייניקלעך, א חוץ מפיבושת'ן דעם זוהן פון יונתן, וועמען דוד האט קוים אויסגעבעטען. די דאזיגע 7 מאן האט מען אויפגעהאנגען און זייערע קערפער'ס זענען געווען אויף די תליה א לאנגע צייט, וואס עס האט ארויסגערופען א גרויסען קידוש השם: אלע ארומיגע פעלקער, ווען זיי דערוויסען זיך זועגען דער העכסטער מאס געהרעכטיגקייט וואס געפינט זיך ביי יודען, דאס צוליעב א שלעכטע בעציהונג צו די נידריגסטע שיכטען וואס שטאמען פון א פרעמד פאלק, איז מען גרייט אויסצופיהרען דעם שרעקליכסטען אורטייל, זאגאר אויף די קעניגליכע פרינצען, דאן זאגען אלע אז דאס יודישע פאלק האט נישט קיין גלייכען צו זיך, און אינ'ם זעלבען מאמענט, זענען געקומען 150 טויזענד מאן פון פרעמדע פעלקער, וועלכע זענען זיך מגייר און טהון זיך אנשליסען אין יודען.

ווען די גבעונים האבען ארויסגעוויזען אזא אכזריות'דיגקייט וואס עס ליעגט אין זייער נאטור, האט דוד ארויסגעטראגען דעם שווערען מאראלישען אורטייל איבער די גבעונים: תאטש די יודען דארפען זיך בעציהען צו זיי גוט אהן קיין שום עולה, דאך דארף קיין שום יוד זיך נישט פאמיליאריש פערבינדען (מתחתן זיין) מיט די גבעונים, וועלכע האבען אין זיך נישט קיין מידה פון רחמנות, דאס, מיט וועלכען די יודען דריקען אויס זייער אייגענארטיקייט; דען דריי בעזונדערע אייגענ־ארטיגע מידות האבען די יודען: ביישנים, רחמנים, גומלי חסדים; די

יודען בעציהען זיך מיט בושה און שעהמען זיך ארויסצוווייזען א נידערטרעכטיגען טהאט, די יודען בעציהען זיך מיט רחמנות און מיטגעפיהל אנצווווענדען אויך צו דעם וואס האט זיך פערשולדיגט געגען זיי, און די יודען טהון אויך געגענזייטיגע טובות איין מענש דעם צווייטען.

ווען עס איז געקומען די צייט קובר צו זיין די 7 טויט־פעראורטיילטע פון שאול׳ס פאמילע, האט דער קעניג דוד געפונען א געלעגענהייט איינצופיהרען א פאלק׳ס־טרויער אויף די נייע הרוגים פון דער יודישער קעניגליכער פאמיליע, און עס זאל גלייכציטיג אב־געגעבען ווערען דער קעניגליכער כבוד פאר שאול׳ן, וועמענ׳ס טויט עס איז אין זיין צייט נישט אויפגענומען געווארען דורך דעם יודישען פאלק מיט׳ן געהעריגען כבוד. דוד האט דעריבער בעפוילען ארויסצונעהמען פון זייערע קברים, די ביינער פון טויטען קערפער פון שאול׳ן און זיין זוהן, און די אלע ארונות האט מען ארומגעפיהרט איבער׳ן לאַנד, איבער די נחלאות פון אלע שבטים. יעדער שבט, ווען די ארונות זענען געקומען אין זיין גרענעץ, איז ארויס די גאנצע בעפעלקערונג, מענער, פרויען און קינדער און עס איז אבגעהאלטען געווארען א שטארקער טרויער, נאכהער האט מען געברענגט צו קבורה די אלע ביינער פון קעניג שאול מיט זיין זוהן יונתן, אינ׳ם פאמיליען קבר פון זיין פאטער קיש.

אזוי האט דער קעניג דוד, געזוכט גלייכצושטעלעןביידע פעהלערען (חטאים), איבער וועלכע די הונגער־שטראף איז געקומען אויף יודען אין זייער לאנד.

א צווייטע פאלק׳ס־שטראף אין דוד׳ס צייטען, איז געווען די שרעקליכע מגפה, וואס האט אין א זעהער קורצע צייט געברענגט דעם טויט פון זיבעציג טויזענד מאן. דאס איז געווען באלד נאכ׳ן אויפשטאנד פון שבע בן בכרי וועלכער איז אונטערדריקט געווארען דורך יואב׳ן (זעה אויבען). דער קעניג דוד האט געוואלט וויסען זיינע זיכערע מענשען פון חייל, וועלכע זענען איהם טריי און זענען אויך גרייט שטענדיג צו געהן אין דער מלחמה. די מרידה־שטימונגען וואס זענען קוים אונטער־דריקט געווארען, האבען געברענגט דוד׳ן אויפ׳ן געדאנק, דאס עס זענען פארהאן מענשען, וועלכע וועלען נישט קומ׳ען צו יעדען מלחמה־רוף ווי פריהער, און ער האט דעריבער געוואלט איינפיהרען א ספעציעלע מיליטער־פליכט פונקט ווי שטייערען, וואס זאל ארומנעהמען די רעגיסטרירטע מענשען וועלכע זענען פערפליכטעט אונטער צוואנג׳ס־מיטלען צו קומען אין א מלחמה. צו אט דעם עצווק האט מען גע־דארפט ארורכפיהרען א פאלק׳ס־צעהלונג פון אלע מענער עלטער פון 20 יאהר.

יואב האט זיך געפרובט שטעלן געגען דעם קעניגליכען בעפעהל, און ער ערקלערט דוד'ן אז די פאלקס־צעהלונג איז איבריג, ווייל מען קען אויך יעצט ווי פריהער אויסרעכענען אויף דער טרייהייט פון גאנצען פאלק צו דער מלוכה, און אז זיי זענען אויך גרייט צו קומען אין א מלחמה אויף יעדען רוף, אזוי דאס מען דארף נישט איינפיהרען קיין שום צוואנג'ס־מיטלען און קיין שום נייע רעגיסטראציעס. דוד האלט זיך אבער ביי זיין ערשטען שטרענגען בעפעהל, וואס יואב האט געמוזט דורכפיהרען.

ניין חדשים מיט צוואנציג טעג האט געדויערט די פאלק'ס־צעהלונג, ווען דעם קעניג'ס בעפולמעכטיגטע האבען זיך ארויסגעלאזט איבער'ן גאנצען לאנד, אויפנעהמען די צאהל מיענער־בעפעלקערונג וואס זענען פעהיג צו טראגען געוועהר אין א מלחמה. די דאזיגע צאהל האט זיך שפעטער ארויסגעשטעלט: בלויז פון שבט יהודה — א האלב מיליאן מאן, פון שבט לוי און בנימין—300 טויזענד מאן, פון די איבריגע שבטים — 800 טויזענד מאן.

אין יענער צייט איז געקומען די שווערע שטראף פון היכעל, צוליעב דעם וואס מ'האט די יודען געצעהלט אויף א אופן וואס עס איז פערבאטען אין די תורה. דען, ביי יעדע פאלק'ס־צעהלונג האט מען עס געמוזט דורכפיהרען מיט שקלים, וואס יעדער יוד האט געגעבען א בעשטימטע מטבע און אזוי ארום האט מען געוואוסט די צאהל יודען נאכדעם ווי מ'האט איבערגעצעהלט די צאהל מטבעות; אין שאול המלך'ס צייטען, האט מען אדורכגעפיהרט א פאלק'ס־צעהלונג דורך שעפסלעך, אויפ'ן זעלבען אופן ווי פריהער מיט די שקלים. דא אבער, ביי דוד'ן, האט מען די צאהל יודען אויפגענומען אויף א געוועהנליכען אופן ווי ביי אלע פעלקער. א חוץ דעם איז אויך געקומען א שטראף ווייל די יודען האבען זיך צו פיעל גענומען רעכענען אויף אייגענער גבורה, אויפ'ן מוסטער פון אנדערע פעלקער וואס האבען זייערע גרויסע ארמעען און חיילות, פערגעסענדיג דערביי, אז דער כח פון יודען ליגט מעהר אין זייער מאראלישער קראפט, אויף וויפיעל זיי שטעהען גייסטיג הויך און זיי זענען אנגעבונדען אין די געטליכע געבאטען.

דוד האט באלד איינגעזעהען דעם בעגאנגענעם פעהלער און ער שטעלט זיך אין תפילה צו גאט אז מ'זאל איהם מוחל זיין דעם חטא, און די נבואה איז אויך געקומען צום נביא גד, וועלכער זאגט דוד'ן אין גאט'ס נאמען, אז ער קען זיך אויסוועהלען אלס שטראף איינס פון די דריי זאכען: עס זאל קומען א הונגער אין לאנד אויף א צייט פון זיבען יאהר, אדער — ער זאל דריי חדשים ארומלויפען אונטער'ן

שונא, אדער — עס זאל אויסברעכען אין לאנד א עפידעמיע (מגיפה) אויף א משך פון דריי טאג.

דוד זאגט גד׳ן, אז עס איז איהם זעהער שלעכט, דען וואס ער זאל נישט אויסוועהלען, איז עס א זעהער שווערע שטראף פאר יודען; דאך איז ער איינשטימינג אויפ׳ן לעצטען, ווייל ער וויל בעסער מ׳זאל ארונטערפאלען דירעקט אונטער גאט׳ס האנד, ביי וועמען מ׳קען שטענדיג אויסרעכענען אויף רחמנות, און נישט ארונטערפאלען אונטער׳ן דרוק פון א מענשען.

און עס איז אויעגעבראכען די עפידעמיע (מגיפה) וועלכע האט במשך די קורצע צייט געברענגט דעם טויט פון 70,000 יודען.

דוד איז געפאלען אויף זיין פנים מיט א שטארקע תפילה צו גאט. ער זאגט: וואס איז שולדיג דאס פאלק, ווען איך האב געהייסען דורכפיהרען די פאלק׳ס־צעהלונג? זאל די שטראף טרעפען מיך אויף וועמען די שולד ליעגט און נישט דאס פאלק! די מגיפה האט אבער אזוי ווייטער געדויערט ביז עס האט דערגרייכט צום ארט וואס האט געהערט פ־יהער צו ארונה־היבוסי, דאס ארט פון הר המוריה, וואו אדם, נח און אברהם האבען געברענגט זייערע קרבנות צו גאט, וואו אברהם האט געברענגט יצחק׳ן אויף דער עקידה און וואו דאס בית־המקדש איז שפעטער געשטאנען. פון דארטען האבען זיך דערוועקט די זכותים פון יודען אין הימעל און די מגיפה האט זיך אבגעשטעלט. אויפ׳ן זעלבען ארט, האט דוד באלד געשטעלט א מזבח אויף דער אנווייזונג פון גד הנביא.

## י. די אפיציעלע פראקלאמירונג פון שלמה׳ן אלס טראהן־פאלגער.

דוד׳ס עלטער און אדוניה׳ס פלאן צו פערכאפען די מלוכה. — ארוניה׳ס אנהענגער און געגנער. — דוד לאזט אויסרופען זיין זוהן שלמה אלס קומענדער יודישער מלך. — דוד׳ס לעצטע טעג און זיין צוואה צו שלמה׳ן. — דוד׳ס לעצטע מינוטען און זיין טויט.

דעם לעצטען יאהר פון זיין לעבען און מלוכה פיהרונג, איז דער קעניג דוד געווען שטארק פערעלטערט און אבגעשוואכט, אזוי אז ער פלעגט מעהרסטענטייל בלייבען אבגעזונדערט, זאגאר פון זיינע נאהנטסטע מענשען. דעם דאזיגען מאמענט, האט אויסגענוצט דוד׳ס דריטער זוהן, אדוניה, פון זיין מוטער חגית. וועלכער איז יעצט דער עלטסטער זוהן

פון קעניג נאכ'ן טויט פון אבשלום'ן. אויך ער, אדוניה האט זיך ארום־געטראגען מיט א פלאן צו פערכאפען די מלוכה געגען זיין פאטער'ס ווילען, אבער נישט לויט'ן מוסטער פון אבשלום'ס אויפשטאנד וואס האב געהאט דעם ציעל ארואבצווזעצען דוד'ן פון טראהן און צו פערנעהמען די מלוכה נאך פאר'ן לעבען פון אלטען קעניג, אדוניה וויל נור זיך אויסרופען אלס קעניג נאכ'ן טויט פון דוד המלך, געגען דעם ווילען פון פאטער, וועלכער האט זיך שוין געהאט ארויסגעזאגט, צו בעשטימען זיין זוהן שלמה, אלס קומענדער יודישער מלך נאך דוד המלך.

אדוניה האט זיך שוין לאנג פארגעברייט אויסצופיהרען זיין פלאן; געמליך, ער האט געפיהרט א מלכות־הויז, מיט רייטער און 50 מאן לויפער פאר זיין רייט־וואגען, אזוי אז ער בעווייזט זיך נור אין דער עפענטליכקייט מיט מלכות'דיגען כבוד. דוד האט איהם די גאנצע צייט דערין נישט געשטערט, וואס עס האט ביי אדוניה'ן ארויסגערופען א געדאנק, דאס אויב עס וועט זיין א געשעהנער פאקט, דאס אויס־רופען איהם אדוניה'ן אלס טראהן־פאלגער, וועט דוד אויך געגען דעם נישט ארויסטרעטען אקטיוו, פונקט ווי ער האט אדוניה'ן ביז יעצט נישט געשטערט אין קיין שום זאך, האטש ער פיהרט זיך ווי א קומענדער מלך.

צווישען דוד'ס נאהנטע לייב־מענשען, האבען זיך די מיינונגען פערטיילט, א טייל — מיט יואב'ן און אביתר הכהן אין דער שפיץ, זיי זענען געווען פאר ארוניה'ן; אנדערע ווידער — מיט צדוק הכהן, בניה בן יהוידע, נתן הנביא, שמעי מיט רעי אין דער שפיץ ארום וועלכע עס האבען זיך קאנצענטרירט די גרעסטע העלדען פון דוד'ס ארמע, זיי האבען ניעט געהאלטען מיט אדוניה'ן. די לעצטע האבען עס געהאלטען פאר א איינפאכען פערראט, צו טהון א זאך געגען דעם ווילען פונ'ם קעניג דוד.

איינמאל האט אדוניה בעשלאסען אויסצופיהרען זיין פלאן, דורך איינבערופען א גרויסע פערזאמלונג פון די הויף־לייט, וואס זענען זיינע אנהענגער, פאר וועלכע ער מאכט א מאהל־צייט, און אין גרוים שמחה, וועלען זיי זיך לאזען אין דער עפענטליכקייט ערקלערען און אויסרופען אדוניה'ן אלס דעם אפיציעלען טראהן־פאלגער פון דער יודישער־מלוכה.

נתן הנביא דערוויסענדיג זיך וועגען דעם, האט ער בעשלאסען אנצונעהמען שנעלע שריט אום צו שטערען אדוניה'ס פלאן. צום ערשט האט ער געשיקט צו קעניג דוד זיין פרוי בת־שבע, נאכעהר איז ער אליין אויך געקומען פאר'ן מלך, איהם איבערגעגעבען אדוניה'ס פלאן, און פערלאנגט פון קעניג, ער זאל לאזען אויף א קלארען אונ־צווייי־

דייטיגען אופן, בעוואוסטמאכען זיין קעניגליכען פערלאנג, ווער עס דארף פערנעהמען נאך איהם די מלוכה.

און דער מלך האט ארויסגעגעבען א שטרענגע פאדערונג, צו לאזען רופען צדוק הכהן, נתן הנביא און בניהו בן יהוידע, זיי זאלען נעהמען זיין זוהן שלמה, איהם פיהרען צום טייך גיחון אויפ׳ן קעניגליכען מויל־אייזעל מיט א קעניגליכען פאראד, דארט זאל מען איהם זאלבען פאר א מלך, און מען זאל געבען סיגנאלען איבער׳ן גאנצען לאנד, אז שלמה ווערט בעשטימט אלס טראהן־פאלגער, פון דער גאנצער יודישער מלוכה.

אדוניה׳ס מענשען זעהען אז פון זייער פלאן, איז גארנישט געווארען, ווייל דאס גאנצע פאלק האט אויפגענומען מיט דער גרעסטער שמחה די ידיעה פון שלמה׳ס פראקלאמירונג אלס טראהן־פאלגער, און אדוניה שיקט בעטען זיין ברודער שלמה, אז ער זאל איהם שענקען דאס לעבען. האט שלמה געענטפערט, אז ער האט איהם גארנישט בדיעה צו טהון קיין שלעכט׳ס, אויסער ווען ער וועט זיך ארומטראגען מיט נייע מרידה־פלענער.

ווען דוד זעהט, אז עס דערנעהנטערען זיך זיינע לעצטע לעבענ׳ס־טעג, האט ער גערופען זיין זוהן שלמה און איהם געלאזט א שטרענגע צואה, דאס ער זאל ביים איבערנעהמען די מלוכה, זיך האלטען פעסט אין אלע תורה־פארשריפטען; אין זיינע בעציהונגען צו א מענש זאל ער זיך האלטען שטרענג ווי עס פאסט פאר א מלך, אבער געגענאיבער גאט׳ס כבוד, זאל ער זיך האלטען הכנעה׳דיג; דעם גלייכען זאל ער אין אזעלכע פאלען זיך ווייניג פערלאזען אויף זיין פערשטאנד, נור ער מוז שט־ענג נאכפאלגען די פארשריפטען פון דער תורה, ווייל נור אויף אזא אופן, קען ער האפען, דאס גאט וועט מצליח זיין זיינע אלע וועגען און דאס מלכות וועט זיך אויף שטענדיגע צייטען האלטען ביי דוד׳ס נאכפאלגער, ווי גאט האט איהם פערשטראכען.

א חוץ דעם, בעפעהלט איהם דוד: יואב׳ן — איהם זאל ער נישט שוינען, ווייל ער פערדיענט א טויט־אורטייל, פאר׳ן הרג׳ענען די בעוואוסטע אומשולדיגע יודישע העלדען: אבנר בן־נר און עמשא בן־יתר, זאל ער אויף איהם ארויסגעבען א טויט־אורטייל, בכדי יואב זאל אב־קומען זיינע חטאים, און ער זאל נישט מוזען קומען אין גהינם נאכ׳ן טויט. שמעי בן־גרא ווידער, וועלכער האט געשאלטען דוד׳ן בעת זיין אנטלויפען פאר אבשלומ׳ן (זעה אויבען), דוד האט איהם אבער געלאזט לעבען, זוייל פון איהם דארף געבוירען ווערען א זוהן, וואס פון איהם וועט שטאמען מרדכי הצדיק (זעה אויבען) — אויף דער עלטער זאל מען

אויך שמעי׳ן האבען אויפ׳ן אויג. און ווען ער וועט זיך א צווייט מאל פערדריגען א טויט־אורטייל, זאל מען איהם מעהר נישט שוינען.

ווייטער האט ער איהם געהייסען שטענדיג געדענקען צום גוטען די קינדער פון ברזילי הגלעדי, ווייל ברזילי איז געווען דער אונטער־שטיצער פון דוד׳ן, ווען ער איז אנטלאפען פאר אבשלום׳ן.

און דוד האט געבעטען דעם אויבערשטען: רבונו של עולם! זאג מיר ווען איך וועל שטארבען?

ענטפערט גאט: דאס איז מיין גזירה, קיין מענש זאל נישט וויסען זיין סוף.

— זאג מיר חאטש וועלכען טאג?

— שבת!

— בעסער זונטאג.

— אונמעגליך, ווייל שבת קומט שוין שלמה׳ס צייט צו קעניגען, און איין מלוכה טאר די צווייטע נישט אנריהרען אפילו אויף א האר.

— טא זאל איך שטארבען ערב שבת.

— ניין נאך איין טאג וואס דו לערענסט תורה און זאגסט שירה, איז מיר טייערער, ווי די טויזענד קרבנות, וואס שלמה המלך וועט מיר אפפערען.

פלעגט דוד אלע שבת זיצען און לערנען א גאנצען טאג, נישט אויפגעהערט א רגע. דעם לעצטען שבת פון זיין לעבען איז דער מלאך המות געשטאנען און נישט געקענט צו איהם צוטרעטען, ווייל ער האט א רגע נישט אויפגעהערט צו לערנען. נעמט דער מלאך המות און הויבט אן צו רוישען מיט די בוימער אין גארטען. איז דוד אויפגעשטאנען און געגאנגען זעהען, וואס רוישט דארט — האט זיך אונטער איהם א טרעפ צובראכען און ער איז באלד געשטארבען.

פערציג יאהר האט זיך געצויגען די מלוכה פון דוד׳ן (2884—2923), זיעבען יאהר האט געדויערט זיין מלוכה אין חברון, בלויז איבער׳ן שבט יהודה (2884 — 2890) און 33 יאהר זיין מלוכה איבער אלע יודען, אין ירושלים (2891 — 2923), א חוץ די זעקס חדשים ווען דוד המלך האט פערלאזט די מלוכה, במשך דער צייט פון אבשלום׳ס אויפשטאנד. די דאזיגע צייט פון דוד׳ס מלוכה איז געווען א איבערגאנג׳ס־תקופה פון יודישען פאלק, וואס איז דערהויבען געווארען, צו א זעהער הויכער מדריגה אונטער דוד׳ס מלוכה־פיהרונג, וועלכער האט אויך פערניכטעט אלע ארומיגע יודישע פיינדליכע מלוכות, וואס עס האט געגעבען די מעגליכקייט זיין זוהן שלמה צו פיהרען א מנוחה׳דיג מלוכה־לעבען און גלייכצייטיג אויך אויפשטעלען דעם ערשטען בית־מקדש (זעה 5־טען באנד)

## יא. דוד המלך און זיין ספר־תהלים.

די תורה ומסורה אין דוד המלך׳ס צייטען. — דער אוצר פון תורה און נבואה׳שע גייסט. — די אייביגקייט פון דוד המלך ביז משיח׳ן.

דער אוצר פון תורה־און־נביאישען גייסט וואס דוד המלך האט איבערגעלאזט אלס אייביגע ירושה פאר׳ן יודענטום, האט איבער־געשטיגען אלע אנדערע ווערטען מיט וועלכע דוד המלך האט בערייכערט דעם יודישען פאלק און דער יודישער מלוכה. קודם כל, איז דוד המלך געשטאנען אין דער שפיץ פונ׳ם בעריהמטען בית־דין־הגדול אין זיין צייט, ארומגערינגעלט מיט א גאנצע סוויטע ראטגעבער אויפ׳ן תורה־געביט: מפיבושת, אחיתופל, עירא היאירי, בניה־בן־יהוידע, נתן הנביא, גד־החוזה און אנדערע בעריהמטע תורה־מענער (זעה אויבען) — ער האט פארגעזעצט די תורה ומסורה וואס ער האט איבערגענומען פון שמואל הנביא, אזוי אז דוד המלך רעכענט זיך, אלס די זעקסטע רינג אין דער קייט פון קבלת התורה זייט משה רבינו: א) משה, ב) יהושע, ג) פנחס, ד) עלי־הכהן, ה) שמואל, ו) דוד.

זיין פריוואט־לעבען ווי די מלוכה־פיהרונג האט ער אזוי געאַ־רדענט, דאס עס זאל איהם נישט שטערען צו זיין גרויסער און הויכער אויפ־גאבע פון פערברייטערען דעם לימוד־התורה. מיר זעהען דוד׳ן שטענדיג אין א אויסנאהם־לאגע פון אלע אנדערע מלכים: אנשטאט וואס זיי שלאפען ביז א שטיק אויפ׳ן טאג, פון מיטדיקייט, פון דער ארבייט, שטעהט אבער דוד שוין אויף די פיס, צו יעדע האלבע נאכט, ווי נור זיין הארפע האט אויסגעשפילט (זעה אויבען) צו וועקען אלע זיינע חברים, צו תורה־לערנען און לויבען גאט. דוד המלך׳ס איבערלעבענישען אליין, זענען דורך די נביאים פערייביגט געווארען — די נביאים שמואל, נתן און גד, פערשרייבען מיט נבואה די איבערלעבענישען פון המלך, און א גרויסער טייל פון זיי, ווערען דורך איהם אליין נביאיש איבערגעגעבען אין זיין בעריהמטען ספר תהלים.

דאס לעצטע, די גרויסע נביאישע ווערק פון דוד המלך, דאס איז דער פעראייביגטער ספר פון יודען, ביי אלע אהן אויסנאהם. אין אלע צייטען ביז׳ן היינטיגען טאג, לאזען זיך הערען אין אלע שוהלען, אין אלע בתי־מדרשים, די הייליגע מזמורים און לויב־געזאנגען פון דוד המלך, דעם נעים־זמירות־ישראל דער אייביגער „זיסטער־יודישער־זינגער“.